מײַן ערשט בוך פֿון „אונטער דער זון״ איז געשװאױרן דעם אָנדענק פֿון דער שײנער, ראַסט־רױטער קאַץ, װאָס פֿלעגט מיר נאָכגײן אױף מײַנע אומעטיקע װאַלדשפּאַצירן אין דער קור־שטאָט לעיקװוד, אין אמעריקע.

# אַ פּאָר ערשטע טענער אויף אויסצופּרואוון די סטרונעס

“For none of us liveth to himsclf
And no man dieth to himself”

ווי דורך אַן אָפּן זומער־טירל וועלן מענטשן קומען און גיין אַן אַ פּאַרוואָס, וועלן זיך געשעענישן צינדן און לעשן. ווי מיר וועט געפעלן. ווי אַזוי וועל איך דערציילן? איך וועל דערציילן, ווי ס׳וועט זיך לאָזן, אַמאָל דאָס פריערדיקע שפּעטער, אַמאָל דאָס שפּעטערדיקע פריער, אָפּט צונויפמישן און פאַרקרומלאַכן. וואָס מאַכט עס דען אויס? די וואָג־שאָל איז סיי ווי סיי פון די קייטלאַך אַראָפּ, נאָר דאָס צינגל צאַפּלט זיך. מיינט, אַז ס׳וועגט עפּעס אָפּ.

לערנט זיך אויס זאָגן צו זיך אליין: דאָס נעכטיקע טרעפט ערשט מאָרגן. דאָס מאָרגעדיקע האָט שוין געטראָפן. נישטאָ קיין פלאַן אין דער אוועקגערונענקייט פון׳ם וואסער— אַ חוץ די שיינקייט פון וואסערשוים. די שווים־ליניע פון אַ געל־קאַטשקעלע, דער קרישטאַלענער פאַנאַנדערנעם, דאָרט, וואו אַ שטרויכלונג ברעכט ס׳וואַסער, דער פלוס־געזאַנג, דער טייך־טומאַן...

* * *

וואו זיץ איך? וואו שרייב איך?

אונטער אַ בוים זיץ איך. אונטער אַ בוים שרייב איך.

די בליאונג איז נאָך נאַרישעוואַטע־רויט, ווי דאָס ברוין און בלוי פון אַ מיידל־קינד׳ס ברוסט־ניפּל.

פאַרבלימלט איז מיין פעלד מיט געלם — מיט ווייס. מיט „טייפל־פינזלאַך“ געשמאַכע.

און אַט דאָס זאָל די מאָס זיין פאַר פאַרבן—פאַר זייער ווערט אויף לייוונט, אויף פּאַפּיר, אויף האָלץ, אויף שטיין. נישט מיט׳ן אויג זאָלט איר שאַצן די ווערט פון אַ בילד און פאַרבן — נאָר מיט׳ן גומען. אויב די פאַרבן זיינען אַזוי צונויפגעפּאַרט, אַז איר וואָלט זיי געקענט עסן, אויב זיי וואָלטן געווען שפּייז, — איז אַ סימן, אַז דאָס בילד איז גרויס פאַרווערקט. אַלאַ נישט — קויפט עס נישט!

און דעסגליכן מיט פרויען. אויב די פרוי אויפ׳ן בילד איז אַזאַ, וואָס איר וואָלט געוואָלט מיט איר שלאָפן, — איז עס אַ גוט בילד. ווייל מער ווי אין לעבן איז אין דער קונסט די פרוי בלויז די אויפוועקערן — צום פּראָדוצירן, די פאַרשלעפּערן פון דער מידער ניכטערקייט וואָס פּוילט זיך צו טאָן דאָס געמוזטע.

פאַרקנעכטיק אונז, אָ, דו לעבן! מיט דיין אָטעם און אונזערן, מיט דעם ביסל פרישן ווינט אין די לונגען, ס׳ברעקל זון־שטויב אין אויג — רודערט די פרייד אין אונז, און די זאָרג ווישט די ליפּן אָפּ, און שטעלט אויס די הענט צו דיכענען איבער דער גרויסער לײדיקייט.

אָט האָט זיך אַ לעש געטאָן די זון. אַ גרויקייט האָט אַ שלאָג געטאָן מיט די שפּיץ פליגל, און שוין האָט דער עלעגאַנטער עלנד מיר אָנגעבאָטן זיין אָרעם צום שפּאַציר.

די גראָז־פעלדער זענען אָן לעבן. ווי אַ טויטער לאָמפּ, אַזוי איבריק. און ווי איבער די טעלעגראַף־סטרונעס אַ שלעכטע בשורה אַזוי קומט עפּעס אָן — נאָענט צו מיין טישל אונטער׳ן עפּל־בוים, וואו איך זיץ און שרייב.

די ערד — די שווערע.

אומענדלאָך גרויס און שטאַרק, ליגט זי אַ געבונדענע און האָלט חשבון: זומער, הערבסט, ווינטער, פרילינג.

דאָ דאַרף מען אַרויפשטופּן אָן עפּעלע — אַקוראַט דעם 9טן אויגוסט. אין אונגאַרן פעלט אַ פלוים — דאָרטן און דאָרטן. דאַרף מען זיך איילן. אין גאַליציע — דאַרף מען אין יענעם און יענעם דאָרף, לעבן אַ גלח׳ס־גערטנדל, אַקור־

ראָט לעבן פּלויט, אַרויפשטופּן אַזוי פיל און אַזוי פיל רויטע מאַרעלן, זאַפטיקע אַגרעסן...

שטעקן מענטשן אַריין אין דר'ערד עפּל־בוימלאַך — מיינען, אַז דאָס האָט עפּעס צו טאָן מיט עפּל! אָבער דער אמת איז דאָך, אַז דער עפּל־בוים איז בלויז אַ ס י מ ן פאַר דער גוטער מאַמעשו־ערד, אַז דאָרטן און דאָרטן ווילן מענטשן, אַז זי זאָל אַרויפשטופּן עפּל! און זי טוט זיי צוליב, די קינדער די ערדענע, די ווייסע, געבלאַסטע ליאַל־קעס פון ערד, וואָס רעדן און טוען און זינגען און שפּילן און גייען און זיצן און קענען אפילו וויינען, אַז מען גיט זיי נאָר אַ צייכן ו ו ע ן.

* * *

איר מעגט מיר גלויבן: דאָס, וואָס איך האָב גרויע האָר אויפ'ן קאָפּ, אַרט מיך נישט. אָבער די גרויע האָר אויף מיינע פּיס? ווי פריקרע! ווען די עלטער — און אפילו דער טויט—קומט־אָן אויפ'ן קאָפּ, ווי אַ קרוין, בויגט מען זיך אָן און מ'זאָגט מיט אַ געלעכטערל: „ס'איז גוט" און „אַ דאַנק דאָרטן וועמען עס איז!", אָבער ווען דער טויט קומט אָן אויף אַזוינע ערטער, — נו, לאָמיר נישט ריידן דאַפון!

ס'איז נאָך דערזעלבער טאָג. די זון בליט שוין ווי־דער גרין, כ'לעבן, פון אונזערע פעלדער אַרויף. אפילו די פליגן טראָגן זון אויף די פיסלאַך. ס'ליגט אַ גרויס, גרין שטיק סאַמעט און ס'ברענט כלומר'שט, אָבער ס'איז קיל — נאָר צום שטערן צוצולייגן.

הינטער דער שטאָל פון הויז ברענט מיסט — דער רויך איז נישט גוט, וואַרגט אין דער נאָז, אָבער דאָס פייער וואָס גייט פון דאָרטן — איז ווי אַלע פייערס: וואונדער־לאַך!

נישטאָ קיין ריין און אומריין פייער. אין פייער ווערט יעדער מעטאַל ווייך, נאָכגעבנדיק: מאַך פון מיר

וואָס דו ווילסט! מנורה׳לאך, פערד־צוימלאך, הענט־קייטעלאך, שרויפן צו תליות. אָבער אין דער אויס־געלאָשנקייט ווערט אַלצדינג ווידער הארט, שווער, פאַר־עקשנ׳ט.

ווען די פייערן פון ליבשאַפט שלאָגן הויך — וואָס איז דען דענסמאָל אומריין? און אפילו אַז מיסט ברענט — איז דאָס פייער פונקט אזוי שיין ווי ס׳פייער פון קאָרנשטרוי, אָדער פון צעדערצווייגן!



# איך ווער סענטימענטאַל

מיין שטעטל איז מיר, ווי א געטריי הינטל, נאָכגע־לאָפן ביז אהער־אָ.

נאָכאמאָל: ווי מיין ווייס הינטל, וואָס איז תמיד פאַר־שמירט און פאַרבלאָטיקט, נאָר די בורשטינענע אויגן האָר־קען דאַפון ארויס מיט געטריישאַפט, אזוי איז אויך מיין שטעטל דאָס וויסטע, אין גאַליציע דעם וויסטן, און מיין יוגנט דער וויסטער.

וויינען? ווער וועט וויינען, ווער? אפילו מיט טרוקענע אויגן נישט! מיר זענען שוין אַלע גרויס־שטעטיש. שניפּסן האָבן מיר זיידענע. א שפּראַך האָבן מיר ווי א סטענגע, און געגלאַנצט און פּאַטעטיש איז זי ווי א שטיוול, וואָס שטייט לעבן דער טיר אָן א פוס.

און וויסן זאָלט איר וויסן זיין, אז ביי מיר איז נעכטן געוועזן א קליינע שוועגערין, איז זי בלויז 1 מינוט אלט געוועזן. בלויז 1 מינוט!

ווי מאָדנע — ווי נישט־צום־גלויבן: א מענטש, און בלויז 1 מינוט אלט!

און איך בין שוין גרוי, נישט נאָר אויפ'ן קאָפּ...

* * *

צום ערשטן האָב איך דערוואַכט צום אויסגעצויגענעם כמעט־העהנערדיקן „עם־קודש. שטייט אויף איר הייליקע אידעלאַך און גייט לעבודת הבורא" — וואָס א שמש האָט אינאיינעם מיט'ן חשון־ווינט אריינגעווייינט אין דער נאַכט אריין. געקומען איז דער רוף, ווי דורכ'ן קוימען. איך מאַך אויף די יונגע אויגן. פּראָסט־פּאַרקעסטלטע פענצטער שטייען נישט דאָרטן, וואו זיי דאַרפן שטיין. עמיצער האָט איבערגעשטעלט די ווענט — פון דאָרטן אהער, אָדער מיין

בעט. אָבער אפילו מיך איבערגעטראָגן א שלאָפנדיקן. „עם־קדוש!" — דאָס מיינט מען מ י ך , ווייל איך דאַווען שוין צעביסלאַך, און שטילערהייט, אַז קיינער זאָל נישט זען, לייג איך שוין אפילו תפילין.

פרעגט זשע מיך, ווי אזוי קען איך לייגן תפילין, אַז איך בין בלויז אַכט יאָר אַלט?

איך קען! איך האָב א שקאָלע־זעקל, אין וועלכן איך טראָג מיינע ביכער אין שול אַריין. נעם איך — אַז קיינער זעט נישט — פון דאָרטן אַרויס ס'פוילישע ווערטער־ביכל, וואָס איז די גרעב, להבדיל, פון א של־יד, און לייג עס צו צום פאַרקאַטשעטן אָרעם — דעם דינעם, וואָס וועט, מיט גאָט'ס הילף, אמאָל לייגן אמת'ע תפילין. און מיט'ן רי־מענדל פון שול־טאַש וויקל איך אַרום דעם אָרעם, אַזוי ווי מיט רצועות, האַלט עס אַזוי א פּאָר מינוט—זיך אָנצו־זעטיקן מיט'ן טעם פון אידישקייט, און דערנאָכדעם, אַז איך וויקל צוריק אָפּ דאָס רימענדל, איז מיין דינער אָרעם ווי א שטעקן, וואָס מ'האָט פון אים אָפּגעשיילט א פּאַס און איבערגעלאָזט א רויטלאַכע קאָרע...

דאָס אידישקייט גייט אויף אין מיר, ווי א טייך אין אָנהויב פרילינג, ווען ס'אייז ברעכט. עפּעס רוישט און ברעכט אין מיר, זינגט אין מיר, זאָגט אָן, שרעקט.

ס'איז פרילינג. דערוואַכונג־צייט!

די נעכט זענען קאַלט און היים. די איבערבעטן זענען גוט און ווייך צו מיר, ווי די ווינטיכע, וואָס קריכט צו מיין בעט. שפּעטער, ווען ס'קומען קליינע חלומות'לאַך אין שטילע שיכלאַך, און ראָמען מיר עפּעס איין אין אויער — דעמאָלט ווערן די נעכט, ווי וואונדער — וואָס זענען גרע־סער ווי די וואונדער פון ששת ימי בראשית. און זיי צעגייען זיך אין מיין בלוט, מיט צוקערדיקע זונען, מיט האָניקדיקע לבנות, מיט פערלמוטערנע שטערן...

„עם־קדוש!" — שטיי אויף, דו הייליק פאָלק און גיי... מעלק די אָפּגעקאַלבטע נאַרישע טעג אין פּרנסה־מעלקשעפל

אריין, שפאן איין, דו הייליק פאלק, דיינע פייער־פערד אין די רייטוועגן פון... ברויט מיט פוטער. זאמל אן די שטיק־לאך קאלט־גאלד, דאס ביסל כח, ווער ריזיק־שווער און — פאל אראפ... טיפער דורך דיין שווערקייט, עלנדער דורך דיין לעבן, וואס איז געווען ווי א פאלשע וואזאנקע אין א פענצטער...

אלצדינג איז גוט, וואס ענדיקט זיך. אלצדינג ענ־דיקט זיך. אלצדינג איז גוט.

* * *

דאס שטעטל האט א ברונעץ. — דער וועג צום ברונעץ איז דער וועג צום שבת־קודש. דער וועג צום זיסן זומער, דער וועג צו מיין... צענטן יאר.

גערטנער און גערטנער.

די פעלדער זענען פעט. שווארץ. די מאמעשו־ערד האט א פארשמירט פנים, אבער זי איז א ז א גוטע!

איר זאגט: „ווינפערלאך", גלייך ווי איר וואלט גע־זאגט — איך ווייס? — „פרייהייט פאר אלע", אבער וויינ־פערלאך! גאט מיינער — ווינפערלאך! און בארן און קארשן און וויינשל און מארעלן.

און עפל און טערנעסליפקעס און קאלינעס און האפן!

עך־עה! איר מעגט מיר יא גלויבן צי נ י ש ט גלויבן, אבער אז איך זאג ארויס דאסווארט „האפן" — בין איך נישט קיין היגער, קיין אמעריקאנעץ, מיט א שטענדער אין דער גרויסער שול פון באוואוסטקייט, מיט געפוצטע נעגל. פיינער קולטור. איידעלע „טיש און בעט־מאניערן", — נאר איך בין דארטן... דארטן!... טוט א קוק און... און זעט, ווי אלצדינג ברענט בלוי — ווי א פייער פון ספירט. ווי די גאנצע וועלט וואלט געווען א טיש, ביי וועלכן דער טאטע מאכט הבדלה... און דער טיש וואלט געווען אנגעגאסן מיט הבדלה־בראנפן, און דער טא־טע „נעצט" זיך די אויגן מיט אט־דעם פייער און נעמט־אן

דאַפּון פּולע קעשענעס... און מיר, קינדער, שטייען אַרום און פרייען זיך — מיט'ן בלויען, שטילן פייער, מיט'ן גוטן טאַטן, מיט דער טייערער מאַמען, מיט דעם געהייליקטן אָנקומען פון דעם אינדערוואָכן... מיט דעם שיינעם געזאַנג פון'ם לעבן, וואָס איז, ווי א פידל, און מ'קען דאַרויף שפּילן וואָס מ'וויל.

היינט איז דער פידל — ס'האַרץ. די צייט — דער מוזיקאַנט. און דעם מוזיקאַנט'ס פינגער ציטערן, ווען זיי דערנענטערן זיך צום סוף ליד.

ווייסט עמיצער: ווי אַזוי וועט זיין דאָס געזאַנג? „געשטאָרבן הינטער א פּלויט"? „געשטאָרבן, מיט הויכע, וואַקסענע ליכט צעקאָפּנס, און דער אָרגל האָט געשפּילט"? „געשטאָרבן ווי א קעניג"? „געשטאָרבן ווי א בעט־לער"? (כאַ־כאַ. וויפיל קעניגן שטאַרבן נישט ווי א בעט־לער?)

אויף א צווייג פון דעם עפּל־בוים, אונטער וועלכן איך שרייב, זינגט א פויגל:

— „טיהי, עפּהי, פירלפּלין".

דאָס איז וואָר!

---

אַז עמיצער זאָגט מיר „דאָס לעבן" — וויל איך נישט הערן דאָס איבעריקע.

אַז עמיצער זאָגט מיר „דער טויט" — וויל איך נישט הערן דאָס איבעריקע.

אָבער אַז עמיצער זאָגט מיר „א שיינער טאָג היינט", וויל איך אים פרעגן: „מיט וועמען האָט איר נעכטן ביינאַכט פאַרבראַכט?"

אַז איך וויל פרעגן ביי מיין חבר עקס, וואָס ער און זיין ליבע פרוי מאַכן עפּעס, דערמאָן איך מיר אָן מיר אַליין, און — שעם מיך.

און אויך, אַז איך באַגעגן א פּלאַקאַט, וואָס פּאָרט אַקעגנאיבער מיר, אין דער אונטערבאַן, און ער זאָגט מיר:

„קויף אקוואלאדע!“, בלייב איך א געפּלעפּטער. וואָס קען איך אים ענטפערן אויף אזוינע ווערטער, ווי „קויף אקוואַלאדע“?

* * *

די מאָנטיקדיקע זון גייט שוין אונטער — פארשטייט זיך: אין מערב־זייט. — אדיע!

א גאנצן טאָג פארבראכט אין — באָדן זיך, שפּיגלען זיך און טראָגן די פיס אהער און אהין.

א זייגער עלף געווען אין פּאָסט. אויפגעלייגט א בריוו צו איר. אינווייניק איז געווען א ווייס בלימל — א קארש.

זי וועט קוקן אויף מיין בלימל, ווי זי האָט געקוקט אויף ז י י ן בלימל, דאָרט אין האָטעלכען, וועט האַלטן דעם טעלעפאָן מיט די שיינע נאַקעטע קניען און זאָגן צו מיר, וואָס זי האָט געזאָגט צו אים:

— איך בין דאָ אליין, זיסער! און איך האָב קיינעם נישט מיט זיך, א חוץ די ביבל.

איך קען זי, די שיינע, אָפּנארערישע (גאָט זאָל זי בענטשן!).

* * *

די טעג זענען זייער גרוים און — ענג.

ווי עפּעס אן אַלט־פּיאָלעטענער מאַנטל, וואָס ליגט זייער לעפיש, נאָר איז ענג פארשנירט ביים האַלז מיט א שטריקל.

ס'איז שוין נאַכט.

אָנגעצונדן דעם לאָמפּ און זיך א רוק געטאָן — אויף א יאָר צוריק.

ווי גוט דאָס איז.

ס'איז ווידער פ א ר א י אָ ר ן זומער. עס פּוצן זיך די כּלה־בוימער, מיט די זעלבע קרענצלאַך. די זעלבע שווארצע פעדים־ווערימלאַך (בליאונג־פארדארבער) האָבן זיך אין זייערע הארטע שפּינוועב־נעצן פארבויעט. די זעלבע

מענטשלאַכע האַנט מיט אַ שמאַטע איינגעטונקען אין נאַפט— ברענט זיי אויס.

די פיס גייען צוריק אין די זעלבע טריט, גייען דורכ'ן היינטיקן זומער — צום פאַראַיאָריקן.

די נייע נאַכט איז דאָ אַ סאָלידע, נישט ווי אין שטאָט. די פינצטערניש איז אַ גאַנצע, נישט צעריסן פון קינסטליכע ליכט.

העגער זענען נישטאָ — קרייען זיי נישט.

נאָר אַ קעלבל בלעקערצט ערגעץ אין אַ שטאַל. אַ לאַמ־טערן מוסטערעוועט מוסטערס אויפ'ן מיסט. איך זע: מ'הייגגט אים אויף אויף אַ באַנטע. עס רעש'ט די מילך פון הייסע ציצן אין דעם בלעכן מעלק־שעפל אריין. די קו קייעט זיך אירס, גיט די ציצן אָפּ — דעם מענטש.

וואָס פאַר אַ מיאוס'ע חיה די קו איז!

און דער הונט און די קאַץ!

אַלע דאָמעסטיצירט, פון וואַלד ארויסגענאַרט פון זייער ווילדקייט אויסגעטאָן, וואוינען זיי מיט דעם מענטש, לעבן פאַר זיין נוצן.

גיי דו, פאַרשאָלטענע קו, אין וואַלד אריין! זוך זיך דיר אַליין דיין עסן, דיין רויב! הרג'ע! פאַרטיליג! זיי — וואָס דו ביזט!

און דו, פונ'ם וואָלפישן שטאַם — דו הונט! וואָס שמייכלסטו דיין האַר אַנטקעגן? דיין פרעמדן, דיין שונא? וואָס גיסטו דיין געטריישאַפט דעם, וואָס האַלט זיך מיט דיר, ווי מיט אַ לעבעדיק שפּילכל, נוצט דיך, ווי אַ שקלאַף, ווארעמט זיך אין דיין פעל, ווארפט אַן אומנוציק שפּענדל אין ים אריין און לאָזט דיך איינשטעלן דיין לעבן אַ שפּרונג צו טאָן נאָך דעם אין די שלאָנגדיקע כוואַליעס. דו הונט, דו דעגענערירטער נאַר, וואָס גייסטו נישט אין וואַלד אריין — מאָרדן און טיליגן און פריי־זיין?!

אפשר וועט דער מענטש מיט דער צייט אויך אזוי אַראָפּקומען, דעגענערירן. אפשר וועט דער מענטש פון

זיין מין אנטלויפן, זיינסגלייכן אויסמיידן, און נאָכגיין א סטאדע וועלף אָדער עלעפאנטן — ליגן ביי זייערע פיס, זיי שמייכלען פאר דעם ביסן ברויט, פאר דעם ביין, וואָס מען וועט אים צוואוארפן, פאר דער מענטשיכע, וואָס מ׳וועט אים אויסזוכן און אים אָנרייצן אויף איר?

* * *

די נאכט איז שוין אָנגעקומען.

מיין לאָמפ מוטשעט זיך און ברענט. דער נאפט איז גידריק. דער קנויט דערלאנגט קוים.

קוק איך לאנג אויפ׳ן לאָמפ־גלעזל, פארטאיע מיך און טראכט צו מיר אליין:

— יענע פרוי, וועמען איך גיב מיין ליבשאפט ווי א מתנה (גאָט ווייסט דעם אמת: עס איז א נ ד ב ה!), פלאגט מיך שטענדיק אין די הארטע נעכט, גייט מיר אויף די נערוון מיט איר בארכענער וועש און גערייד וועגן שיינקייט?

זי זאָגט צו מיר:

— — — — ?

ענטפער איך איר:

— קינד מיינס! פרעגסטו דען דיין לאבן ברויט, צי ער האָט ד י ך ליב? גענוג איז: דו האָסט ליב דאָס ברויט און דו עסט עס אויף און ביזט זאט.

* * *

די נאכט איז שוין דאָ.

די קראנקע קאץ מיט די צעפלאקערטע אויגן קומט אריין, רייבט זיך ביי מיין פוס:

— באלעבאָס!

— וואָס איז, קאץ?

—איך וויל א מייזעלע!

— נו, גיי, כאַפּ.
— איך האָב נישט קיין כח. כ'בין שוואַך.
— וואָ־זשע ווילסטו?
— כאַפּ ד ו פאַר מיר, באַלעבאָס!
— אידיאָטקע!
איך טרייב אַרויס מיין קראַנקלאַכע קאַץ. זי ציט אָפּ מיט אַ געפּיעסטשעטן מיאַ. קוקט אויף איר שאָטנדל, אויף דער וואַנט. וויל אים אַ ביס טאָן... שליאַנדערט זיך צום סוף אַוועק — אַ קראַנקלאַך־צעבאַלעוועטע, ווי די טבע איז פון ווייבער און פון קעץ.
מיט אַ שעה שפּעטער קומט זי צוריק. טראָגט אַ מייזעלע ביים האַלז. ס'לעבט נאָך.
— נו, קאַץ מיינע?
— באַלעבאָס־לעבן, מיאַ!
— וואָס איז שוין ווידער?
— נעם, דער'הרג'ע ד ו עס פאַר מיר. איך בין צו איידל.
— אַרויס, דו פּאַסקודנע קאַץ! דו פירסט זיך שוין באַלד אויף ווי אַ מענטש... אַקאַטאַ!

* * *

דאָס ערשטע דערוואַכן. דער ערשטער בליץ פון אַ נאָס שוועבעלע, וואָס פאַרלעשט זיך און לאָזט צוריק אין דער פינצטער.
ז י!
די ליבשאַפט־צו־זיך־אַליין איז גרויס געוואָרן — צו גרויס פאַר דעם קליינעם אינגל־מאַנצביל. די גלוסטונג האָט די פיס אויסגעצויגן. די נאָזלעכער האָבן געטרונקען קאַלטן וויין.
די צופּילקייט איז געוואָרן — זי. זיך ליב האָבן דורך איר — אויך. זיך ו ו י י ט ע ר ליב האָבן, זיך מערער ליב האָבן!

און הענט האָט זי ווייסע. און פּיס האָט זי — נישט ווי איך. און פרעמד־פרעמד־פרעמד איז זי מיר, און אַזוי נאָענט, ווי די אייגענע אויגן, ווי דאָס אייגענע האַרץ, וואָס מ׳קען נישט פאַרשטיין.

סורטשע !

טויבן וואָרקען אָט דעם נאָמען פון די נעסטן אַרויס, שוואַלבן סווישטשען עס אַראָפּ פון׳ם קלויז־דאַך. אפילו די רויט־גרינע גראָז־שלענגלאַך שיפּען עס אַרויס מיט די שיינע צינגלאַך, און אפילו די זשאַבעלאַך אין טייך קוואַקען איר נאָמען מיט גרויס ליבשאַפט, ביז דער מאָרגנשטערן גייט אויף.

איז מיין נשמה אַ טירקל־טויב ? אַ שלאַנג ? אַ שוואַלב ? אַ זשאַבעלע ?

אַלצדינג איז דער מענטש : דער באַהעפטער פון כנגד׳ס, דער פאַרבינדער פון פאַרבן, פאַרקניפּער פון ווינטן, פון שאָטנס...

אַרום־און־אַרום שטייען די בערג מיט ווייס־לעהם — אונטן ווייס, אויבן שוואַרץ, ווי אַ חיה מיט דער פעל האַלב־אָפּגעלופּעט און פאַרקאַטשעט אויף אַרויף. פון דער „פעל" גייט אַ טומאַן־פּאַרע. — דער אינדערפרי קומט אָן אויף אַ גלי־גאָלדענעם רייטוואָגן, אין וועלכן עס זיצט סורטשע מיט אַ צעעפנטן גאָלדענעם פּאַראַסאָל, איר קלייד איז פון פּור־פּורוואָל און איר געצעלט פון באָקסערן... — וואָס פאַרא באָקסערן גאָר ! וואָס רעד איך מיר איין ? טפו !

סורטשע גייט אויף מיט דער זון, און ס׳שטעטל לעבט אויף, ווערט רויט, באַקומט פאַרב אין די באַקן. דער אָפּגע־לופּעטער קאַלך פון די ווענט ווערט פאַרהיילט מיט זון־פלאַסטערלאַך. די דעכער קרייען מיט רויטע העלזלאַך — ווי הענער... די הענער קוקן אַרויף צו די דעכער און פאַרשטייען נישט און בייזערן זיך. די זייפבלומען שמעקן ווי ס׳געהער צו זיין. די האָפּן — פאַר׳שיכור׳ן. אידן — שמייכלען קעגן דער זון, פאַרשטעלן זיך די אויגן פון דער ליכטיקייט און

קוקן פונדעסטוועגן ארויף און שאָקלען מיט די קעפּ „ס׳איז גוט !״.

די בערג און בערגלאַך, טאָלן און טאָלדלאַך ווייזן זייערע פאַרבן און זייערע ריחות. עס איז אַ געוועט צווישן ריח און פאַרב.ביידע געווינען.

און אַז דער הימל אַרבעט אַזוי, און די טאָלן מיט די בערג אויך — איז דער מענטש שטיל: וואָס זאָל ע ר שוין זאָגן ?

ביינאַכט לעשט די לבנה דעם טאָג מיט שעפּלען קאַל־טע מילך. ווערט בלאָנד־מילכיק און קינדיש די וועלט, דאָס שטעטל !

אַ קליינער, רירעוודיקער אומעט דרייט זיך אַרום, ווי אַ שדכנ׳דל, און רעדט שידוכים. ער איז בלאָס און שטיל און באַגלויבט.

— הער נאָר, דו, אינגל. אַזוי און אַזוי ! ווילסט ?

— איך וויל, פאַרוואָס נישט ?

און מ׳קען זיך נישט דערמאָנען אַקוראַט, וואָס מען וויל. ווייל מ׳וועט עס ערשט מאָרגן פאַרגעסן...



# אַמאָל איז געווען.

דער זיידע קומט פון דער מיל. די מיל מאָלט מעל — האָט אויסגעמאָלן דעם זיידנ׳ס באָרד אפילו אויף ווייס.

א ווייסער זיידע מיט ברייטע פּלייצעס, גייט, ווייזט זיך אויס, אין דער ברייט, און קומט אין דער לייגג. ער איז הויך — ביז צו די באַנטעס פון שטוב. דאָס פוטערנע היטל אויפ׳ן קאָפּ האָט געלאָזט א צייכן — דאָרט וואו ס׳ענדיקט זיך. דאָ זענען די האָר נאָך ווייסער, סאַמעטנער.

זיידע־באָבע לעבן זיך צונויף, ווי זיי קענען. דער זיידע איז אַ גוטער, א ווארימער; די באָבע איז „אַלט און קאַלט״, פונ׳ם קינבאַק וואַקסט איר אַזאַ דין־שוואַרצלאַך הע־רעלע, און זי רעדט מיט די יאַסלעס — שיטערע, ווייכע רייד, אַזוי ווי לעמעשקע. קיין סך פון די רייד קען מען נישט הערן: ס׳ווערט נישט גוט, ס׳הויבט זיך אָן דרייען דער קאָפּ און ס׳דאַכט זיך, אַז אַרום דער באָבע׳ן ברענט סמאַ־לענע — מ׳ווייסט נישט, צי פון איר פייער־טאָפּ, צי פון אירע אויגן.

דער זיידע איז א מזג־טוב. ברייגגט אריין די איינִיק־לאַך, וואָס גרייזלען זיך, אַז מען שיילט זיי ארויס פון גלאָז, און קרייטיכער אַזוינע, וואָס האָבן אין זיך פּעדעמ־לאַך, וואָס גרייזלען זיך, אַז מען לוסטשעט זיי אַרויס פון דער שאָלאַכץ.

ווינטער ברייגגט ער אַריין אין שטוב ס׳וואַרימקייט פון זיין גוי׳עשן פּעלץ — ס׳וואַרימקייט פון זיין שטאַמל־דיקער נשמה, וואָס איז אַזוי אויך שווער באַפּעלצט. אַמאָל קומט ער אריין מיט די גרויסע הענט צונויפגעלייגט הינ־טער׳ן לייב־פּוטער — נעמט ארויס און ווייזט א קיילעכדיק שטייגעלע, געמאַכט פון הענט מיט פינגער. פון „שטייגעלע“

פּישטשעט אַרוים אַ פייגעלע. די באָבע מאַכט אַ גוואַלד, מ׳זאָל עס אַרויסוואַרפן — „זי האָט געַנוג פּיסקעס צום פרעסן אָן דעם „פויג!״. אָבער דער זיידע שמייכלט, קויכעט זיך אָן מיט׳ן פייגעלע אין די הענט, און ווי אַ פאַרברענטער קאָרטן־שפּילער צעעפנט די „האַנט״ ביסלאַכווייז, אַ קוק צו טאָן אויף די קאָרטן, אַזוי עפנט דער זיידע פּאַמעלאַך ביידע הענט, ביז דאָס פייגעלע גיט אַ פלי אַרוים און הויבט זיך אָן קלאַפּן דעם קאָפּ אָן דער סטעליע, אָן די פענצטער, אָן דער טיר. באַלד צעטוט זיך אַ געיעג פון יאַרמולקעס, אַ קוויטשעריי פון שוואַרץ־געקרייזלטע אייניקלאַך, אַ זינגענדיקער טומל פון טאַטע־מאַמעס, אַ גע־שעלטעריי פון דער באָבען...

* * *

סורטשע איז היינט נישטאָ אין שקאָלע. געלאָזט זאָגן, אַז דער קאָפּ טוט איר וויי. אַז איך דערהער דאָס, טו איך זיך אַ כאַפּ ביים שטערן — ס׳דאַכט זיך מיר, אַז דאָס איז מיין קאָפּ, וואָס טוט וויי, נישט אירער, ווייל איך בין זי. — זי איז בלויז די אָפּגעשפּיגלטע פון מיר.

זינט דעמאָלט האָט שוין אַ סך מאָל געטראָפן, אַז איך האָבן געהאַלטן מיין געליבטע, אפילו אויף דער שוים, און געבענקט נאָך איר (איז דאָס נישט אמת? — קאָרא, מיין קאָרא!).

* * *

דער טאָג איז שוין היינט אַן אַנדערער. דער נעכטיקער איז שוין אינגאַנצן נישטאָ. דער עפּלבוים ציטערט היינט מיט אַלע בלעטלאַך. זיין שטאַם האָט זיך, דאַכט זיך, ניד־ריקער אָנגעבויגן, ווי אין יסורים פון געבורט. וועך טראַכט איצט פון שיינקייט, פון אַן „איידעלער פיגור״? דאָס איז פאַר דער ליידיק־גייערין, די סאָסנע, אָדער פאַר דעם יונג־פּרוילאַכן קאַרשן־בוים, וואָס טראָגט נאָך דערווייל קיין פרוכט נישט.

מוטערשאפט פון דער ערד, זיי געבענשט אין דיינע יסורים! דיין אומשיינקייט איז ווי די הענט פון די, וואס ארבעטן — געהייליקט אין נוצלאכקייט, אין לעבן־באדער־פעניש...

שווער איז היינט! נישטא קיין ליכט, קיין שאטן. א גרויסע לאנגווייל קריכט ארום אין די בלוט־געוועבן און שרייט אן א קול, זוכט עפעס און געדיינקט נישט וואס.

די פרוכט־צייט איז גיט ווייט. די שניט־צייט — ווער וועט דערלעבן?

די געלע־פעלד־בלימלאך זענען ווי גלאנצעדיקע מע־שענע קנעפ אויף א מונדיר פון א געפאלענעם זעלנער.

עס טשי־טשי־טשי'עט א פויגל אויף מיין דאך (דער ווינט האט נעכטן ביינאכט א שינדל אראפגעשלעפט — נישטא ווער עס זאל ארויפקריכן און פאררריכטן!). דאס בעט־ווענטל ביים פענצטער שטעקט ארויס זיינע גראטעס, מאכט פון מיין שלאף־צימער א געפענגניש. מיין גוי'עשן שכנ'ס בית הכסא מיט'ן רויטן טירל שטייט דערווייל פארשלאסן. דער באלעבאס מיט דער באלעבאסטע קומען ערשט אין יוני.

אז זיי זענען דא, — היפעט עס ארום, דאס גוי'עצל, ווי ער וואלט זיין געמאכט פון קארק. עס איז רירעוודיק און טעמפ, און ס'קלאפט כסדר טשוועקעס. ס'דאכט זיך אויס, אז אמאל, ווען אט־דאס גוי'עצל וועט האבן פאר־ענדיקט שלאגן טשוועקעס אומעטום, און ער וועט שוין נישט האבן מער וואו צו שלאגן — וועט ער זיך אוועקשטעלן און אריינשלאגן מיט זיין האמער טשוועקעס אין דער הוילער לופט אריין. די גאנצע לופט וועט ווערן פול מיט גוי'עשע טשוועקעס. עס וועט זיין שווער צו אטעמען!

* * *

# אַ זעאונג.

ס'איז געווען — נאָר איכ'ל צוערשט שרייבן וועגן עפּעס אזוינס, וואָס —

אין חלום האָב איך געזען אַ קופּערנעם פּאַס ערד און אַ פּ ו ל װעגעלע מיט פּערל האָט געבלישטשעט צו זיך אליין מיט איידלגרויער שיינקייט. דער הימל האָט צעלאָזט צוויי גרין־בלאָ־רויטע פליגלען, ווי אַ פּאַווע, און אינווייניק האָט מען געזען אַן אַלטן, צונויפגעקאָרטשעטן עמיצן, מיט'ן פּנים אַהין. ער איז געלעגן אויף די קניעס און זיך געריסן מיט עפּעס אַן אַ נ ד ע ר ן , וואָס איז געווען לוטער באָרד און פייער און געטלאַכקייט.

— גיב אָפּ! ס'איז מיין מת.

— נישט אמת. מיין שווינדזוכט האָט אים דערהרג'עט!

— זאָגסט אַ ליגן! מ י י ן געלער פיבער האָט אים אוועקגעלייגט.

— ס'איז נישט ד י י ן געלער פיבער...

— ס'איז יאָ מיינער. פון מיינע זומפּן...

— די זומפּן זענען טאַקע דיינע... אָבער די פיבער־באַצילן זענען מיינע.

— ווי קומסטו צו לאָזן דיינע באַצילן אין מיינע זומפּן?...

— אַזוי וויל איך. וואָס קענסטו מיר טאָן?

— הער־זשע. טאָן קען איך דיר אַ סך. פאַרגעס נישט, ווער איך בין! נאָר גאָרנישט, ס'פּאַסט מיר נישט צו קריגנזאַך מיט דיר — גייט עס העלפט אויף העלפט. מיר אַ האַלבן מת — דיר אַ האַלבן מת.

— אָט־אַ־דאָס־אַ!

און דער אַנדערער עמיצער פון לויטער באָרד און פייער טוט אַ פאַרהויב די פייערדיקע קאַפּאָטע — און ווייזט..

וואָס פאַר אַ זעאונגען איך האָב, זאָל קיין שום מענטשן נישט צוגעשיקט ווערן!

# אין דעם וויסטן אַמעריקע !

די גוי'ע, אונזער שכנ'טע, מיסום גאַרדנער, איז, דאַכט זיך, פון דייטשן אָפּשטאַם. אַלצדינג שפּאָרט זי, בכלל־בלט־איין. אַלצדינג, וואָס דאָס פעלד גיט אַרויס און דער טיש וואַרפט אַראָפּ. איר קעלער איז נישט קיין קעלער — נאָר אַ האַלז, אַ בויך. און אפילו דאָס, וואָס ער גיט אַרויס צוריק, ווערט אויפסניי איבערגעקאָכט און איינגעבלעכלט.

איר לעבן גייט ווי אַ בלאָטיק שטראָמעלע, וואָס מ'ווייסט נישט, צי ס'איז טאַקע אַ וואַסער, אָדער קומט עס פון די אָפּטע צעבעבער־אויסגוסן פון די שכנ'ישע שטיבלאַך.

איר מאַן איז אַ דין מענטשל, האָט כמעט גאָר קיין קינבאַק נישט: אָט איז די שפּיץ מאָרדע, און אָט זענען שוין די אויגן. ס'נעזל איז אַרויפגעזעצט געוואָרן אין דער לעצטער מינוט, און דאָס צווישן־ווענטל זעט זיך אַרויס, ווי אַ פּערלמוטערנע זאַך.

רייך זענען די גאַרדנערס—גייען ביז דער קניע אין גאָלד. האָבן אַ האַלב שטעטל מיט „היפּאָטעקן", וועקסלען. אי־דישע צרות וואַרפן אָפּ גוטע פּראָצענטלאַך, קעלבן זיך מיט ריוח, און דאָס האָב־און־גאָב פון די גאַרדנערס מערט זיך ווי ס'מערן זיך זייערע קראָליקעס.

ווען אַ „באַשניטענער" וואָלט געהאַט אָט־דעם גוי'ס געלט, וואָלט ער זיך אָנגעהאַנגען מיט דימענטן, געפאָרן אין קאַרעטן, זיך געבאָדן אין סמעטאַנקע. נישט אַזוי דער גוי! אַ גוי ווערט נישט רייך ה י י נ ט , אפילו ווען ער קריגט היינט אַ ירושה פון אַ מיליאָן. ביי אַ גוי גע־דויערט געוויינטלאַך עטלאַכע דורות, איידער ער שטעלט זיין פוס אויף אַ העכערער טרעפּ. אַ איד אָבער האָט געקענט נעכטן אומגיין איבער די הייזער מיט לימענעס, און טאָמער דאַכט זיך אים נאָר, אז ער וועט אפשר מאָרגן ווערן

א שטיקל עושר — פליט ער שוין היינט אויף אן אַטאַמאָביל, און זיין ווייב באהיינגט זיך שוין מיט גאָלד און מיט זילבער. פונדעסטוועגן זאָג איך אייך, איר נישט־באַשניטענע: פרייט זיך נאָר נישט אזוי מיט אייערע מעלות! אמת, איר זענט נישט דאָס און נישט יענס, אָבער וואָס זענט איר י אָ?

מיר זענען שלעכט און גוט! שרעקנדיק און העלדיש, גייציק און פרייגעביק, קרעמער און מאַרטירער, גליק־זוכער און אומגליק־דערגרייכער. אָבער צאַפּלט צאַפּלען אין אונז דאָס לעבן — מיר זענען אַ גרוים ג ע ש ר י י אין דער וועלט, וואָס שטייט שטענדיק אין פייער. ווער זוכט שיינ־קלאַנג אין א געשריי?

*   *   *

פאַראַכטאָגן דינסטיק. 5 טעג ווייט פון דאַנען, זענען מיר געזעסן ביי די גאַרדנער׳ס אין שטוב און גערעדט וועגן דער מיאוסקייט פונ׳ם וועטער, און ווי ס׳רעגנט שוין אכט טעג דורכאַנאַנד. דאָס ברויט אויף די פעלדער ווערט צע־פוילט.

מיר האָבן געטרונקען טיי, מיט שיט־צוקער, געמישט די מוטנע גלעזלאַך מיט מורא׳דיק־לייכטע לעפעלאַך פון טעמנעם בלעך. מיר האָבן זיך דערוואַרעמט. דער צעגליטער אויוון מיט די אָפענע דעקלאַך און די לאָמפּן האָבן מיט־געהאָלפן. די נאַכט האָט, א פאַרנעצטע, צוגעשטעלט ס׳פּנים צום שויבן־צלם פון דעם קליינעם, קוויטיק־טוכלען שטיבל. די גאַרדנערכע האָט זיך געווישט די ברעג ליפּן מיט די פינגער, ווי אַ אידיש־קינד, דערציילט וועגן איר ווינטערדיקער רייזע קיין ליווינגבוירג, זעקס מייל פון דאַנעט, און ווי אזוי זי איז שיער ניט אַראָפּגעפאַלן פון שליטן, און ווי אזוי דער שליטן האָט זיך געגעבן א שאַרפן רוק, אַז מ׳האָט געמיינט, אז אָט־אָט. אָבער מ׳איז אָנגעקומען. דער שוואָגער אירער איז טאַקע געשטאָרבן, אָבער מ׳האָט אים זייער שיין אָנגעטאָן, אין א נייעם, שוואַרצן אַנצוג. זי האָט

געראטן, אַז מ׳זאָל קויפן פאַר מזומן געלט, ניט אויף באָרג, און קויפן זאָל מען די נייע סאָרט טויטן־קליידער פאַר מאַנצביל, וואָס טוען זיך אָן בלויז פון פאָרנט (ס׳איז דאָך נאַריש געדערט: קיינער דרייט נישט איבער דעם טויטן, ווען ער ליגט אין דער טרונע, צו זען, צי ער איז אָנגעטאָן אויף יענער זייט אויך, צי נישט!) און קאָסטן קאָסט עס מיט דריי־און־דרייסיק־און־אַ־דריטל פּראָצענט ביליקער. האָט זי אָבער נישט געוואָלט די שוועגערין. איין מאָל, זאָגט זי, שטאַרבט דער מענטש, נישט מער...

מיר האָבן געזופּט די גוטע טיי, דורך די ציין, ווי וואסער, וואָס מ׳שווענקט זיך דערמיט ס׳מויל.

עס איז אונז געוואָרן הייסער, געדיכטער. די נאַכט האָט געוויינט אויף די שויבן אַרויף. און דאָס פאָלן פון קי־מיסט האָט באַגלייט די רייד פון דער גרויער פרוי.

— לאָז מען זיך דערציילן געשיכטן!

מ׳האָט גענומען דערציילן. ווער ס׳האָט דערציילט פון זיין אַלטער היים. ווען פון זיין פאָרן אויפ׳ן שיף קיין אַמעריקע. ווער פון זיין ערשטער ליבע.

די גאַרדנערבע האָט מיט׳ן הונגעריקן אויער אויסגע־לעקט יעדעס וואָרט, ווי עפּעס אַ ביליק נאַשעריי, וואָס מ׳קריגט אומזיסט, און צום סוף האָט זי זיך אַליין אויך צעוויגט, זיך אויפגעקנעפּלט דאָס פאַרטוך, זיך אַ קלאַפּ געטאָן איבער׳ן מויל און צוריקגעשטופּט עפּעס אַ בלעזל־דיקן קלאַנג, און דערנאָכדעם אָנגעהויבן:

— ביי מיין גאָטזעליקן טאַטן איז געווען אַ חזיר׳ל, זייער אַ שיין חזיר׳ל! איינמאָל גייט ער אַריין אינדערפרי אין שטעלכל אַריין, זעט ער, ס׳חזיר׳ל איז נישט געזונט, האָט נישט קיין אַפּעטיט צום עסן. קומט ער אַריין און וויינט! ביי גאָט, דער טאַטע האָט געוויינט. אַ גרויסער, הויכער מאַן מיט לאַנגע וואָנצעס — שטייט און וויינט. זאָגט די מאַמע: וואָס וויינסטו? איז דערציילט ער איר. זאָגט זי: וויין נישט, מיר׳ן עס קוילען און עסן — אַלץ איין

שוואַרץ יאָר! זאָגט זי. און שאַ, זאָגט זי, אין דריי טעג אַרום איז דאָך טאַקע די הייליקע נאַכט.

די גאַרדנערכע האָט זיך אַ וויש געטאָן ביידע זייטן מויל, איז דורכגעגאַנגען מיט די שפּיץ פינגער פון דער אַנדערער האַנט אַקוראַט איבער׳ן שרימפּ, אינמיטן פון איר ווייסן קאָפּ און פאַרענדיקט:

— ס׳חזיר׳ל איז געווען זייער געשמאַק. מ׳האָט עס גוט צוגעברוינט. דער טאַטע האָט שוין נישט געוויינט. פאַרקערט, ס׳איז געווען זייער אַ פריילאַכער יום־טוב.

— מיר׳ן שוין גיין, — האָבן מיר געזאָגט — — —

אין דרויסן האָט דער הימל אָפּגעטאָן אַזוינס, וואָס ס׳איז נישט שיין אויסצוזאָגן.

* * *

אין אַ נעסט ליגן קליינע שוועלבעלאַך. זיי זיינען נאָך נאַקעט, אָן פעדערן, אָבער די פּיסקלאַך עפענען זיך שוין צו יעדן ריר פון נעסט.

דאָס לעבן!

מיין פלייש איז נאָך געלעגן דין אויף מיר; מיין נשמה אויך. אָבער די ליפּן פון מיינע פאַרלאַנגענישן האָבן זיך צעעפנט ביי יעדן שיינקייט־ציטער, ביי יעדן שאָרך פון אַ קלייד, ביי יעדן נאָמען פון אַ פרוי.

אָפּטמאָל פאַרטראַכט איך מיך איבער דער וועלט, וואָס איז פול מיט וואונדער ווי אַ קליין שטיקל האָניק־סטעלניק.

אַ פלי פון אַ שניר־פייגל אַרויפצעצו — ווער קען עס נאָכמאַכן?

אַ בלאָער טאָל־טומאַן, דורכ׳ן צעבראָכענעם מאָרגן גאָלד פון אַ יונגאויפגייענדיקער זון — ווער קען דאָס נאָכ־מאַכן?

און יענע טיפענישן, וואָס רעדן אייביק אין אונז? — יענע סודות, וואָס מיר האָבן זיך מורא אויסצוזאָגן — ווייל זיי זענען צו גרויס און אָפּשרעקנדיק?

# פון מיינע יונגע יאָרן.

דאָס פאַרגעניגן פון באַשלאָפן — וואָס פאַרא וואונדער דאָס איז. זעט נאָר: דער מענטש האָט דאָך געקענט אזוי באַשאַפן ווערן, ער זאָל האָבן פונקט אַזאַ פאַרגעניגן פון בּידלען זיך מיט א חלף איבער'ן האַלז ווי פון באַשלאָפן זיין כנגד. אָבער דער גוטער גאָט האָט דאָס אַנדערש געמאַכט. און עס איז גוט אזוי.

*    *    *

סורטשע!

עס מינען זיך וועלטן, אייביקייטן — ארום אָט דעם פראָסטן נאָמען.

היינט איז ליבע א קליין מאָדע־אַרטיקל. אָפן שרייט מען עס פון די פענצטער אַרויס. די בלעטער דיסקוטירן: זאָל מען ליבן אַזוי צי אַזוי? זאָל מען וואוינען מיט דער געליבטער אונטער איין דאַך, אָדער נישט?

היינט איז ליבע אַ זאַך צום באַטראַכטן. אָבער דעמאָלט!

דער טויט און דאָס לעבן צעניפגעבליצט אין דעם ענגסטן פרעפּאַראַט. א האָפנונג אזוי שאַרף, ווי... (ווער האָט דען דאָס וואָרט?); אַ גליק, אַזוי גרויס, ווי... (ווער האָט דען דאָס וואָרט?). און די טעג זענען געווען ווי זיסע וויינרויטע וואונדן אויף מיר...

אומגעפער אַזוי.

און נאָכדעם, ווי מיר, זעקס חדר־אינגלאַך, וואָס האָבן בשותפות געשפּילט מיט איר „ליבע", האָבן זיך דערטראַכט צום פּלאַן, איך זאָל איר אונטערטראָגן אַ פּעקעלע „דייטשע באָנבאָנעס", און נאָכדעם ווי זי (סורטשע) האָט דאָס פּעקל נישט געוואָלט נעמען, און מיר האָבן אַלע זעקס אַליין אויפ־

געגעסן די באַנבאַנעס און זיי פאַרגאַסן מיט טרערן — האָב איך אָפּגעוואָרפן מיינע פינף שותפים־אין־ליבע און האָב זיך גענומען שפּילן אַ ליבע מיט איר — איינער אַליין.

דער אָפּמאַך איז געווען אַ פעסטער. איך האָב זיך אַליין געגעבן די האַנט, איבער אַ ספר'ל אין קלויז, און זיך געשוואוירן, אַז פון היינט אָן און ווייטער גיי איך אַרוים אויף אייגענער ליבע.

דאָס ספר'ל האָב איך אַ קוש געטאָן מיט אַ הייליק געפיל פון זינד, און — איך בין אַוועק אין חדר אַריין לער־נען תורה, מיט גרויס חשק און מיט צעוויגטקייט און מיט אַ זים בענקעניש אינ'ם קול. טיף אינ'ם זעלביקן קול איז געווען אַ געוויין, אָבער קיינער האָט עס נישט געהערט, ווייל דאָס געוויין איז געבליבן אויף ד ע ר זייט קול.

* * *

געווען איז זומער.

דער זיידע פלעגט קומען פון מיל — אַ ווייסער, נאָך ווייסער ווי ווינטער, — ווי, ווי ווייס! די זומערדיקע גרינגקייט, די געזונטע וואָלקנס, וואָס פלעגן זיך געבן אַ ליידיק־אוים איבער'ן שטעטל, און גיין ווייטער, די סעדער־פאַרטראַכטקייט, מיט די בינימוסדיקע זאָרג, פון טאַטע־מאַמע, וואָס קלערן שוין אַ תכלית פאַר זייערע קינדער, די צעזויפּנקייט פון די וואַסערן, וואָס בובלען־אַרום, אָן אַ ציל, און שלאָנדערן זיך אַוועק ביי גרינע באַרג־צעפּוסנס, מ'ווייסט נישט וואָס, מ'ווייסט נישט ווער, מ'ווייסט נישט ווען, — אָט די אַלע גרינע און חנ'עוודיקע זאַכן האָבן דעם זיידן, ווייזט אוים, באַ'צער'ט. ער האָט שוין נישט געשמייכלט אַזוי אָפט, ווי פריער, פלעגט שוין נישט אַזוי גערן מיר אויסדרייעלעווען אַ לעכל אין אַ נים מיט זיין קניפּיקל און מאַכן אַ „פּיפּאַק”, און דאַטומס און ציפערן און דאָס דערמאָנעניש פון יאָרן, פלעגט אים טרויעריק מאַכן.

— דורזשע! — פלעגט זאָגן די באָבע — דו ווייסט, אז 23 טאָג אין חודש איז...

— מ'ווייסט! מ'ווייסט! נאָר זי ציילט! — פלעגט דער זיידע ענטפערן.

— דורזשע, ווי אַלט איז אונזער עטעלע, זאָל זיין געזונט?

— אַזוי אַלט ווי זי איז! — פלעגט דער זיידע אָפּ־ענטפערן און שיער אריינפאַלן אין עבודה־זרה פון כעס, נאָר די אויגן זענען געשטאַנען איבער'ן געערגערטן שטערן און געשמייכלט.

* * *

מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק:

די גאַסן פון ברוקלין האָבן געבליט מיט קינדער און איבערגעפלאַנצטע בוימלאַך. די איבערגעפלאַנצטע מענטשן, ווי די בוימלאַך, האָבן זיך, ווייזט אויס, „אָנגענומען". געלערנטע גערטנערס האָבן מיט „געמאָלענע ביינער", און מיט היימישן מיסט אונטערגעטריבן.

אָטאָמאָבילן האָבן דורכגערווישט, אָנגעשטונקען און אפילו נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך דעם שטויב, דעם אי־בערבעטנדיקן צייכן, וואָס אַ שווערע פור לאָזט איבער נאָך זיך.

ס'פאָלק ישראל איז געפאָרן אין רייטוועגן, אויסגע־שטעלט זיין צירונג, זיינע ווייבער... דער זון האָט עס נישט געאַרט, וואָס אַרט עס די הימלען, כ'בעט אייך, ו ו ע ר ס'בארימט זיך! און אַז עמיצער לייגט זיך אַוועק אויף אַ באַנק אין אַ שפּאַציר־גאָרטן און שטאַרבט — אַרט עס דען די אויסגעפּוצטע הימלען, צי דעם עמיצנס קינבאַק, שטעכט אַרויף אַ פאַררעגנטע באָרד אין די הימלען אריין, און בויערט אריין אַ דינע, ארויפגעקאַטשעטע בלייכע נאָז, פון וועלכער עס רוטלט זיך דער לעצטער טראָפּן לעבן ארוים?

איך בין געגאַנגען שפּאַצירן איבער דעם אידישן בול־וואַר און אַריינגעוואָרפן אין מיינע אויגן אַריין שטיקער גאָלדענעם דינסטיק (צי מיטוואָך?) און לסוף גענומען מאַכן פלינק מיט ביידע אָרעמס, לויט דער עצה פון אַ געוויסן ביכל, וועגן גימנאַסטיק, וואו עס זאָגט זיך:

„אויב דו ווילסט אַנטוויקלען די ברוסט, דעם ברוסט־קאַסטן, די לונגען, וואַרף שטענדיק מיט די הענט ביים גיין און האַלט די גאַנצע פיגור שטייף און ווירדיק".

* * *

דריי דער זייגער.

מ'דאַרף עמיצן אָפּטעלעפאָנירן. כ'קען מיך נישט דער־מאָנען וועמען!

קיין שאָד נישט.

זי וועט סיי־ווי־סיי וואַרטן. אויב נישט — נאָך בעסער.

איך מאַך מיט די הענט, לויט'ן ביכל, פריי זיך מיט... גאָרנישט, און זאָג מיר שטילערהייט די ווערטער: „גיב נישט דיין כח צו פרויען. נישט צו פרויען גיב דיין כח. דיין כח נישט צו פרויען גיב".

דער פוס בלייבט שטיין. דער שכל זאָגט ערשט אַ רגע שפּעטער: „ריכטיק. בלייב שטיין".

אַ פּאָליצייאיש וועכטער־שטיבל אויפ'ן ברעג גאַס. אינווייניק שטייט אַ דיקער פּאָליציסט, וואָס דאָס גאַנצע קיילעכדיקע וועכטער־שטיבל ליגט אויף אים, ווי אַן ענג בגד, און ער איז שטאָל־גרוי און האָט צוויי בלאָנד־גרויע וואָנצעס, וואָס הייגען איבער די ליפּן, ווי צוויי האַל־בע רייפלאַך.

פון דער גאַס קומט אָן אַ פּיצל מיידעלע, אַ קיילעכ־דיקס, אַ פרישס, אַ רויטס, און ס'האַלט אַ האַלבן עפּל אין האַנט.

עס בלייבט שטיין ביי דעם וועכטער־שטיבל, גיט אַ ביס אינ'ם עפּל, באַקוקט זיך די אייגענע פינגערלאַך, ווי אַ

שפּילכל, און זאָגט צום דיקן, שוועראָטמדיקן, טויט־גרויען פּאָליציסט :

— איך בין בלויז פיר יאָר אַלט. דו ביזט שוין מער, איאָ ? דו ביזט שוין אַלט! דו ביזט שוין זייער אַלט...

דער פּאָליציסט הויבט אָן בלאָזן מיט'ן מויל און מיט דער נאָז. ער כאַפּט זיך ביים רעוואָלווער, ביי דער קעשענע, גראַבלט צום סוף אַרויס אַ מטבעה און זאָגט צום מיידעלע :

— נאַ, גיי קויף דיר עפּעס !



# אַ בריוול צו סורטשע׳ן.

איך האָב אָנגעשריבן סורטשע׳ן אַ בריוול, עס געהאַלטן עטלאַכע טעג אין מיין סידור׳ל אויפ׳ן בוידעם, עס זאָל זיך „אָננעמען מיט הייליקייט”, און דערנאָכדעם עס אוועקגעטראָגן צו איר. איר וועט שפּעטער הערן, ווי אַזוי. דאָס בריוול איז געווען איבערגעשריבן פון אַ לעמבערגער בריוושטעלער און האָט זיך געלייענט, דאַכט זיך מיר, אַזוי:

„זאָגע מיינעם לעבענס!

וועהע דעם, דער דאָס ערלעבט האָט! שמערץ גרעססער ווי מיין ברוסט אויסצוהאַלטען אימשטאַנדע איזט, וויר־בעלט אין מיינער זעעלע. דו, שרה׳טשע לעבען, ביזט דאָס מעכטיגע פייער, דאָס מיינע זעעלע אין העללישע פלאַמען געזעצט האָט. אונד אינברינסטיג בעט איך דיך אַן: שרה׳־טשע לעבען, לאָס מיך צו דיינע קניען נידערפאַלען און דעם זאום דיינעם קליידעס קיססען, שרה׳טשע לעבען. עוויגליך דיינער — . . . .”

אַ־דאָס־אַ בריוול האָט איך עטלאַכע מאָל איבערגע־שריבן אויף קלאָר, מיט אַלערליי טינטן, וואָס זענען מיר איינגס ווי ס׳אַנדערע נישט געפעלן. סוף־כל־סוף האָב איך מיר אַליין געמאַכט אַזאַ מין גוואַלדיק־גאָלדן „וואַסערל”, וואָס פעלכט גרין־און־רויט, אונטערגעלייגט אַ געווירעטן „לעשער” אונטער אַ דורכזיכטיקן בויגן פּאַפּיר, מיט אותיות ווי נים־לאָך איבערגעשריבן מיין בריוו, און צו לעצט נאָך צוגע־געבן — שוין מיין אייגנס:

„איך ווינש, אַז דיזע טינטע בלוט געוועזן זיין מעכטע, אַנשטאָט די גאָלדענע טינטע, מיט דער איך דיר, מיין גאָל־דען געהיימניס, פאַרהיימליכע”.

ווי אַזוי איבערשיקן דעם בריוו?

ס׳איז געווען אינמיטן זומער. די בראַנפען־ברענעריי האָט שוין נישט געפּייפט, און די געשמאַקע ווינטערדיקע בעדער אין וואַרימען בריי זענען געווען ווי אַ זאַט־וואָרעם גערעכניש אין די ביינער. די פּיס און ס׳גאַנצע אינגלשע לייב, וואָס האָט זיך געבאָדן אין „בריי״, איז געווען אָנגע־שיכור׳ט אויף אייביק מיט דעם רויען בראַנפען. און אַז אַ אינגליש לייב איז שיכור, קען דאָס האַרץ דען בלייבן ניכטער?

ס׳איז געווען אַ שיינער און אַ נייער זומער. אַ לאַנג־לאַנג אויסגעבענקטער. די אינדערפריען זענען געקומען ווי אַ נייער גלאָק, די אויפדערנאַכטן — ווי אַ גרינג קינדיש פליען, פון וועלכן מען כאַפּט זיך אויף מיט אַ געלעכ־טער...

איצט איז שוין דאָס פליען שווער. אפילו אין שלאָף. דאָס פאַלן איז אָפט און אַ סך.

אויף די דאָרפס־וועגן זענען געווען קאַרבן פון שווע־רע רעדער. — יעדע פור איז געפאָרן אין די טריט פון דער פריערדיקער פור.

די „יעזוסלאַך״ אויף די שליאַכן, וואָס פירן אין די שטילע, זון־צעגליטע דערפער אריין, זענען געווען אָנגע־טאָן מיט נייע בינטלאַך זאַנגען אויף די קעפ, און האָבן כסדר געקוקט מיט זייערע צעשראָקענע אידישע אויגן צו דער „מאַמען״, וואָס האָט צוריקגעקוקט אַן אומגליקלאַך־אויסגעפוצטע, ווי אַ אידיש מיידל, וואָס דער שונא פוצט זי אויס, איידער ער גייט זי פאַרפלעקן...

פוג׳ם הויכן באַרג־אַראָפּ, וואָס צופוסנס איז ביי אים געלעגן אַ טייך, ווי אַ פליסנדיקער פידל, האָט אַראָפּגע־וואָרנט דאָס אידישע בית עולם, געשראָקן ס׳שטעטל. גויים פלעגן זיך כסדר צלם׳ען און אונטערהויבן די היטלען — מ׳האָט נישט געוואוסט, צי צום קראַצן זיך אָדער פון שרעק פאַר׳ן טויט. אידן פלעגן עפּעס אריינזאָגן אין די אייגענע באָרד און וואָנצעס, און דאָרט איז עס געבליבן!

דער בארג־צעפּוסנס! נאָך היינט פּרוּאוו איך אָפּט, איידער איך ווער אנטשלאָפן, אויספלאָנטערן די וועגן, וואָס פירן צו אים. איך גיי אומיסנע — אין געדאַנק — מיט די זייטיקע געסלאַך, לעבן „דייטשן שוסטער”, דערנאָך לויף איך פאַרביי דעם בעזים־מאַכער'ס שטיבל, וואָס איז אַזוי נידריק, אַז דער שטרויענער דאָך ליגט כמעט ביי דר'ערד. דערנאָך פּרוּאוו איך אַן אַנדערן וועג, און נאָך אַן אַנדערן וועג, און נאָך אַן אַנדערן.

איך קען מיך נישט אָנזעטן מיט דער שיינקייט פון דעם באַרג, וואָס איז העכער פון אַ סך ה ע כ ע ר ע בערג!.. ווייל ס'איז מ י י ן באַרג, אין מ י י ן שטעטל, אין מ י י ן יוגנט!

פון'ם באַרג לויפן וואַסערן און זאָגן: „ווייסיך־וואָס, ווייסיך־וואָס!” אָבער דאָס בית עולם פון אויבן, זאָגט: „דאָס וויינען מיינע מתים פון אונטער דר'ערד אַפיר. היט זיך, זאָלסט נישט שטאַרבן”.

נו, גיי היט זיך!



# משיח קומט אויף רעדלאַך.

— שוין געקומען די מאַשין ?
— וואָסער מאַשין ?
— וואָס הייסט וואָסער מאַשין ? די שנייד־מאַשין...
— אָ ! דאָס מיינסטו... מ׳זאָגט, אז זי גייט שוין.
— זי גייט און זי גייט, און ס׳איז נישטאָ אויף וואָס צו קוקן !
— ווייסיך ! זי וועט נישט קומען.
— אנישט קען מען דען שניידן תבואה מיט א מאַשין ? גאָרנישט, מ׳האָט מיילער און מ׳רעדט !
— מ׳זאָגט דאָך אָבער פאָרט...
— מ׳זאָגט, מ׳שמאָגט... מאַלע וואָס זאָגערס זאָגן !..
— נו, מיר׳ן זען פאַרטיקערהייד.

אזוי האָט זיך דאָס שטעטל געוועריטלט איבער דער „נייער מאַשין", וואָס דאַרף קומען פון ווין, און זי קומט נישט. פאַרוואָס קומט זי נישט ? זי האָט שוין באַדאַרפט זיין דאָ...

אַלע פאַרנאַכט, אז דאָס גרינע תבואה־ווינטל קומט צעגיין פון דאָרף און קילט אָביסל אָפּ דאָס פאַרשוויצטע שטעטל, צעשפּיליען זיך אידן די בעקעשעס, פאַרנעמען די בערד אויף א זייט — זיי זאָלן ארויפלאָזן דעם ווינט אויפ׳ן האַרץ, און מיט איין האַנט אויפ׳ן הינטן, ווי א קליינער זאָטל פאַר דעם לײדיק־ארומגיין, לאָזן זיך אידן ארויס אהינצעצו, צום ווינער־וועג, פון וואַנען עס דאַרף קומען די „מאַשין" פאַר׳ן פריצ׳ס הויף. מ׳קוקט זיך ארוים די אויגן, מ׳שמעקט, צי עס הערט זיך נישט קיין „דאַמף" (מ׳שמועסט, אז ס׳קען געזיין, אז די מאַשין זאָל קומען מיט אייגענעם „דאַמף" — אזוי ווי א באַן). און אַלע פאַרנאַכט לויפט

מען צוריק אין גרוים איילעניש, נישט צו פארשפעטיקן מנחה־מעריב, און פ א ר און צ ו ו י ש ן און נ א כ ׳ ן דאווענען הערט מען אלץ „מאשין", „פון ווין", „ווינער מאשין".

„וואס ווין גיט ארוים!!".

— „זי גיט נאך נישט ארוים. כאפ נישט".

— „זי׳ט געבן. אזא גרוים שטיק גאלד זאל איך האבן, ווי גרוים די מאשין וועט זיין".

— „אז זי׳ט ק ו מ ע ן. דערווייל קומט זי נישט".

— „פארוואס זאל זי נישט קומען?"

— פארוואס זאל זי י א קומען?"

— „א סך מאשינען זיינען שוין געקומען צו אונז פון ווין?"

— „בכן? אבער אמאל דארף דאך קומען א מאשין אויך, צי ניין?"

— „מו־רוע, מו־רוע, מאק. מ׳רעדט מיט דיר, אז קו־מען וועט זי — נאר נישט אהער... און ער האלט זיך ביי זיינעם!"

— „א חכ—מה!"

— „אידן, וואס קריגט מען זיך? — מישט זיך אריין דעם רב׳ס פוטערן קול. — אז סע׳ט באשערט זיין, אז די מאשין זאל קומען, וועט זי קומען... אלא נישט... מה רעש? תולה ארץ על בלימה איז עפעס מער קונץ ווי ווין, צי ניין? הא?"

דער שמש טראגט אונטער דעם קלוגן רב די ראזע־וואולקע, פארווארפט זי אים אויפן אקסל. דער רב נעמט צענויף דעם שיינעם אטלעסענעם בגד אין־דער־מיטן, אזוי, אז ס׳זען זיך בלויז ארוים די ווייסע יראה־שמים׳דיקע פינגער איבער דעם ערנסטן אטלעס, און — אידן גייען אהיים, מיט דעם ווארט „מאשין" אויף א ווינקל באָרד... אין א ווינקל אויג, אין א ווינקל געדאנק.

די לבנה שטייט א גרינלאכע איבער'ן שולדאך, הויערט איבער אונזערע הייליקייטן און באלויכט מיט איר צער דאס ארימע שטעטל, וואו די אזוינע פעדים, וואס קינדער קענען דאפון מאכן א „שעטל־בעטל", חתנים — עטרות פאר טליתים. דערוואקסענע אידן — שטריימלאך פון זילבער־סאמעט; כלות — ביימשלאך מיט פערל.

ווען קומען די מאשין? ווען נישט קומען די מאשין? אז די אייגענע זארג זענען קליין און דערעסן, ווערט די פרעמדע, געבארגטע זארג — נאענט, און מ'שפילט זיך מיט איר ארום, ווי מיט יענעמ'ס א פריילאך אייניקל, בעת דאס אייגענע קינד וויינט אין וויגל...



## „גרינוויטש ווילעדזש"

נעכטן בין איך געווען אין „גרינוויטש ווילעדזש" בא מיין פריינט דושקין.

דער מאַן איז אַ פרייער קינסטלער, אַ ווייכינקער, נישט־צענויפגענומענער, מיט אַן אויסגעטראַכטן כאַראַקטער.

— איך האָב כאַראַקטער, — זאָגט ער שטענדיק, ווען ס׳קומט צו רייד וועגן דעם.

זיין גאַנצער „כאַראַקטער" רינט אַרויס דורך זיינע רייד. יעדעס וואָרט זיינס איז נישט גאַנץ, האָט אַ לעכל ערגעץ, און דאָס ביסל שכל, וואָס איז דאָ אין דעם, רינט אַרויס.

מיט זיין „מיידל" לעבט ער פריי און נישט צוגע־בונדן. זי אַרבעט. ער אַרבעט. ביידע אַנטלייען זיך, כלומר׳שט, איינס ס׳אַנדערע אַביסל געלט, האַלטן כלומר׳שט חשבון פון די קליינע חובות. רעדן שטענדיק מיט אַ קרעכץ וועגן זייער „ברייטקייט" אין געלטזאַכן, און שטילערהייט, אָן וואָסער־עס־איז אָפּמאַך, נאָר ווייל ביידנס נאַטורן זענען פּראַקטישע, שפּאָרט מען אַביסל געלט, גרייט מען זיך צו צום ווייטן לעבן, פאַרפעסטיקט מען זיך אין דער שפּינוועבעדיקער זאַך, וואָס מען רופט „הייראַט".

— דינאַ, דינאָשאַ, גיב מיר אַ קוש! — בעט זיך כלומר׳שט דער מאַנסביל, אָבער מיינען מיינט ער ערנסט.

— היינט דאַרף איך קושן... לאָמיך זען ווען? (זי פאַרטראַכט זיך). יאָ, הענרי׳ן.

— אַזוי גאָר! הענרי׳ן! און מיך ווילסטו נישט קושן?

— ניין. איך האַס דיך!

און זי קושט אים פונדעסטוועגן צוריק זייער געשמאק.

ביידע הינקען אויף געזונטע פיס. ווייל לויט דעם געזעץ פון „נייעם קינסטלערטום" איז נישט שיין צו האָבן צוויי געזונטע פיס.

די שמינק וואקסט אָבער ביסלאכווייז אריין אין אונזער בלוט. די קינסטלאכקייט ווערט נאַטור. דער שוישפּילער נעמט מיט זיך מיט די בינע, וואו ער גייט.

דאָ פּלאָגן זיך מענטשן אין נאָמען פון קונסט. פרויען גיבן זיך איבער צו נישט־באַ'טעמ'טער זינד, אָן דעם גרויסן זינד־געפיל, וואָס הייליקט אין זיין פייער. דאָ ברענט מען אפילו נישט, ווי אַליכטל אין ווינט, וואָס מ'זעט זיין פייער נישט און מען מיינט, אז עס איז פאַרלאָשן, דאָ בלישטשעט אַ מין קאַלטער פאָספאָר, וואָס מ'שמירט אָן אויף ציפער־בלעטלאך פון זייגערס — מ'זאָל זען אין דער פינצטער, וויפיל דער זייגער האַלט.

דאָ איז טוכלע די פרייד. ברעקלדיק די האָפנונג. צונויפגעוואָרפן די אידעאַלן. און אויסגעמישט קונסט מיט מלאכה, חלומות מיט גראַשנס.

האָב רחמנות, גאָט, אויף די אָרימע, וואָס גייען שטענדיק צו־קינד און געבוירן קיינמאָל גאָרנישט!

* * *

דער „ווילעדזש" האָט אַמאָל געהאַט אַ גרויסע נשמה, אַ פאַרבלוטיקט האַרץ, אַ האַנט, וואָס האָט זיך געצויגן צו דער ליכטיקייט.

אין די ענגע דאַך־שטיבלאַך זענען זיי געזעסן די אַמאָליקע קינסטלער און האָבן אַ גאָט געפורמט אין זייער אייגענער יסורים'דיקער געשטאַלט. היינט איז די „נשמה" אויסגעשטעלט אין די פענצטערלאַך פון די קאַפייען: טוריסטן, קומט, זעט און שטוינט! קום, וואולגאַריאַן, פלעב, און שטעל זיך אוועק טאָן דיין באַדערפניש ביי דער

וואנט פון אונזער בית־המקדש. ס׳קאָסט בלויז אזוי־פיל־און־אזוי־פיל! קום, טוריסט, און זע, ווי „קינסטלער" שיכור׳ן זיך אָן, ווארפן זיך מיט פלעשער, רייסן פון זיך די קליידער, ריידן גראָבע רייד.

— די מיידלאך?

— אָ! ווי דו סלינעסט, פרומער טוריסט! יאָ, דאָס זענען „קינסטלערינס"! — איינע רעדט פון פארגיפטן זיך, און זעצט זיך ביי דיר אויפ׳ן שויס. די אנדערע באַליידיקט זיך, אז דו רופסט זי „פריילין".

זי זאָגט: „איך בין שוין נישט קיין פריילין זינט דעם 14טן אָקטאָבער פון לעצטן יאָר. זשאַן האָט מיך אָנגעהויבן — דער אידיאָט. געמיינט, אז ער כאַפּט א מציאה. ווען איך וואָלט געווען א מאַנסביל, וואָלט איך קיינמאָל נישט געשלאָפן מיט א יונגפרוי. עס איז אַן ארבעט, און — קיין פארגעניגן איז דאָס נישט. סיידן פאר איינעם, וואָס האָט מערדערישע אינסטינקטן".

דער „טוריסט" און „דרויסנדיקער" זאַפּט איין זיך די ווערטער איין — אויף איבערצוגעבן צו באַקאַנטע אין אייגענעם שטעטל,ביים קאָרטן־שפּיל.

אַנדערע פארשרייבן די „מערקווירדיקע" רייד פון די „קינסטלער" און „קינסטלערינס". באמערקן דאַביי נישט, אז מ׳רעכנט זיי גוואַלדיק איבער פאר דער שלעכטער קאווע, אָדער זויערן קוואַס...

די ליכטלאך ברענען אויף די פענצטער. די שילד רופט: „בלאָער יקנהז". „מעשענער לעמפּערט". „די זיבן שוועסטער". „די משוגענע קאַץ". — מענטשן נייגעריקע, נעלאַנגווײלטע, שטעלן זיך אָפּ, גייען אריין, זוכן אויס די מאַנסביל מיט די לענגסטע האָר: „קינסטלער!". די אמעריקאַנקעס, וואָס רופן זיך „סאָ־ני־א" און לאָזן דעם רויך דורך דער נאָז, און שלעפּן די מאַנסביל־הענט צו זייערע בריסט: „קינסטלערינס"!

די ליכטלאַך ברענען. נאָרן אָפּ מיט זייער נישט־אָנשטעל. אַלצדינג איז אַזוי ש ר י י ע נ ד י ק פּראָסט, אַזוי קינסטלאַך דעמאַסקירט. אויף דער ערד זיצן מענער און פרויען און טרייבן מידע, קליינע אָרגיעס — ווילן זיך אָנשיכור'ן מיט קונסט... אָבער עס פּאַרטשאַדעט בלויז דעם קאָפּ. דאָס האַרץ (אפילו דעם פּלעב'ס האַרץ) חלש'ט פון דער שווערער גראַשענדיקייט. אָבער ס'איז אַן „ערפאַרונג", ווי רויכערן האַשיש, אָדער אָפּיום.

אמת'ע קינסטלער צירן זיך נישט מיט קיין קונסט. באַוואַפנען זיך אפילו נישט מיט איר. זיי טראָגן זי ווי אַ לאַסט, ווי אַ הויקער.

* * *

דער „ווילעדזש" האָט זיך זיינע באַגריפן וועגן קונסט, זיין קינדערשע מאָס.

— דזשאָן עלקוויל? — אָ, ער האָט „געטראַמפּעוועט" איבער אַמעריקע, געפאָרן ביז לאָס־אַנדזשעלעס אויפ'ן דאַך פון אַ פראַכט־צוג!

—אָט דאָס רוף איך זעלבסט־אויסדרוק! אָנרירן דאָס לעבן מיט די אייגענע עלנבויגנס...

— דזשים טשאַראַש איז „באָנק"... אַ ווייס־העגטי־קער. וואוינט אין אַ באַקוועמער דירה. זיין לעצטן בוך, האָב אפילו נישט געלייענט...

— דזשים רירט קיינמאָל נישט־אָן דעם „עפּעס"...

אָט אַזוינע ווערטער, ווי „אָנרירן ס'לעבן", „דעם עפּעס", „זיך זעלבסט־געבן", זשומען פאַר די אויערן פאַרביי, ווי גרינע פליגן, אין אַ פלוצים הייס־געוואָרענעם הערבסט־טאָג.

דער נייער „ווילעדזש" שעצט די גרויסקייט פונ'ם קינסטלער לויט די צאָל מיילן, וואָס ער איז געפאָרן אויפ'ן דאַך פון אַ פראַכט־באַן. און די נייע וועגן אין דער שיינ־קונסט! נישט מ אָ ד ע ר נ י ז ם, נאָר מ אָ ד נ י ז ם.

דער זון א הויכער שייגעץ מיט א שטארק, פארפרישטישעט פנים, מאַלט (און מאַלט זייער ש ל ע כ ט) נאקעטע ווייבער, צעפּאַרענע, ברייטע, פליישיקע, ווארפט־אָן איבערטריבן־שווארצע פלעקן לעבן בויך, מאכט איבערטרי־בענע בריסט און הינטנס.

זיין מאמע — א שיינע, עלעגאנטע, עלטערע פרוי, מיט פענסנע אויף א זילבער־קייטל, און מיט א פתח׳דיקן ענגלישן אקצענט, באטראכט איר זונ׳ס „ווערק" און זאָגט:
— פרעכטיק!

און די געשענדטע פרויען־שיינקייט, דאָס באליידיקטע לייב, וואָס ווערט ארויסגעשטעלט ווי אויף א פארבאָטן קארטל, ערגערט נישט די שיינע, אלטע פרוי, מאכט זי אפילו נישט בא׳צער׳ט.

אין נאָמען פון „קונסט" קומען וואוילע, ריינע מייד־לאך און פרויען און לאָזן דעם אידיאָטישן סקולפּטאָר טאפּן זייער לייב, כדי „איינצוגעוואוינען" זיינע פינגער צו אנט־וויקלען דאָס טאפּ־געפיל, וואָס ער האָט נויטיק פאר זיין קונסט...

און דאָס איז אָפט א זיבעט־קלאסיקער, ליים־פּאטש־קער אָדער לייוונט־איבערפירער.

קונסט איז ווייבלאך. אלע קינסטלער זענען אביסל פארווייבלאכט. רייצט עס די מאָדערנע פרוי, וואָס איז אין נאטור פארמאנסבילט. גייט די פרוי צו — זיך אליין, דורך דעם קינסטלער. דאָס איז פערווערז און מיאוס, אָדער שיין און טראגיש, ווי מען וויל!



# איינער פון דרויסן.

קומט צוגיין יאָסל.

אַז אָפּגעריסענער, פון אַלצדינג אָפּגעבונדן, דערציילט מען פון אים, אַז נאָכדעם, ווי ער איז איבער דריי יאָר פאַרשוואונדן געוואָרן פון דער היים (ער איז אַראָפּגעגאַנגען אויף אַ מינוט, אָן אַ היטל, אַרויפכאַפּן אַ פּאָר פלעשלאַך ביר), און זיין אַלטע מאַמע האָט זיך נעבאַך אויסגעוויינט די אויגן, איז ער אַריינגעקומען שטיל, מיט גרינג־שאַרנדיקע גרויסע שפּאַן, אַז אויסגעגלייכטער (ווי ברויט־מיט־פּוטער וואָלטן געהאַנגען גלייך איבער דעם מענטשנ׳ס קאָפּ און מ׳וואָלט זיך נישט באַדאַרפט אָנבויגן נאָך דעם), און געזאָגט אויף זיין קיעווער אויסשפּראַך:

— מאָמע, גיב מיר אַ שוויבעלע!

איז געקומען צוגיין יאָסל, וואָס אַלע האָבן גערופן יאָסל, און נישט געקענט רופן אַנדערש, ווי יאָסל — און אַריינגעבראַכט אין דער זויערלאַכער לופט פון קונסט און וויבעריי אַ נייע פרישקייט, ווי אַן אָטעם פון אַ טאָל־געלן טומאַן, ווי אַ בלאָטיקע דאָרף־סטעזשקע פאַרשיט מיט דעם אָפּשייל פון בליאַכע.

יאָסל איז געווען אַ קינד ווי אַלע קינדער, פול מיט לוסטיקייט און שפּיל און ריינער נישט־וויסנקייט, און די אויגן זענען ביי אים געווען ווי גרינע שפּיגעלאַך — אין זיי האָט זיך געשפּיגלט די זון און די כמאַרע, די לבנה און דאָס אייגענע בלוט, וואָס ווערט משוגע פון גאָרנישט־טאָן.

יאָסל האָט געמאָלן און געזונגען, געטאַנצט און געשריבן — מיט אַ גרויס פיינקייט און געקליבנקייט. יאָסל האָט בלויז געשוויגן איבער זאַכן, וואָס ער האָט גוט געוואוסט. קיינמאָל זענען די פינטעלאַך אין זיינע לידער נישט

געוועז קיין מיטל צו פאַרדעקן אומבאַהאָלפנקייט. דאָס, וואָס ער האָט נישט געקענט — דאָס האָט ער געזאָגט. דאָס, וואָס איז געווען אונמעגלאַך, — האָט ער אויפגע־מאָלן.

יאָסל האָט ווי אַ קינד פאַרשטאַנען בלויז די טיפסטע זאַכן. און די קלענערע זאַכן, וואָס מענטשן גיבן אַוועק אַ סך צייט אויף אויסצופאָרשן זיי, האָט יאָסל אָפּגעוואָרפן פון זיך. ווער איז געווען יוליאוס צעזאַר? נישט זיין דאגה! וואָס איז ראָקאָקאָ־סטיל? פרעגט אים בחרם... ווער איז אַנאַטאָל פראַנס? — אָ, דער מיט דער יאַרמולקע!

דערפאַר אָבער איז יאָסל גרויס־פאַראינטערעסירט אין וויסן, וויפיל מינוטן זענען פאַראַן אויף דער וועלט? ווי אַזוי גאָט נייגט זיך צו זיין אייגענער גרויסקייט, בעת ער שלעפּט דעם כסא־הכבוד אויף זיין באַזוך צו אַן אַנדער גאָט...

אַלע האָבן יאָסל'ען ליב. ער איז גרינג און פאַרשטעלט קיינעם נישט! מ'זעט ד ו ר ך אים. די ליכטיקייט גייט דורך אים דורך — ווי דורך אַ גלאָז, און ווי אין אַ שפּיגל, קענט איר אין אים אַריינשפּיגלען די רירונגען פון אייער אייגענער נשמה.

יאָסל טומלט זיך אויף אַ גרויסן שטח. פאַרמעסט זיך אויף אַלץ ווי אויף קינדער־שפּיל. די קונסט ווערט ביי אים אַ זאַך, וואָס פורעמט דעם מענטש, גלעט־אים־אויס, זאַפּט־איין אין זיך זיין ליידיקע צייט.

נישט מיט ציטערדיקע קניען גייט ער צו דער קונסט. נישט מיט צעדיכנטע הענט און מיט קלאַפּנדיקע ציין, נאָר ווי צו אַ נאָענטער געליבטער, מיט וועמען מען האַלט זיך היימיש און פראָסט. און די אָנגעבלאָזענע „קונסטן" האָבן זיך אים געגעבן אויך אַזוי פראָסט, און אָן שום מי און אָנ־בעטעניש — ווייל אפילו געטינס האָבן פיינט שוויים...

עס זענען פאַראַן מענטשן, וואָס קריגן אַלצדינג, וואָס

זיי ווילן, דערפאר ווייל זיי בעטן די גרעסטע זאכן, ווי איינער בעט א שוועבעלע.

פארקויפערינס אין די עקסקלוזיווע געשעפטן פאר־שטייען דאס.

— וואס קאסט דער טעפיך?

— דער־א? (דאס פרייליין טוט אן די ברילן, קוקט כלומרשט דארויף, אבער מ׳זעט, אז זי זעט עס נישט — זי שמייכלט גאר אריבער צו דעם הער אויפזעער אנטקעגנ־איבער) דער טעפיך וועט אייך קאסטן, מיין הער, בלויז צוויי טויזנט דאלאר מיט פערצן סענט...

די „צוויי טויזנט דאלאר מיט פערצן סענט" ווערן ארויסגעזאגט מיט אזא גרינגשאפט, מיט אזא נישטיקייט, אז איר שעמט זיך צו זאגן, אז דאס איז א סך געלט! פארקערט, איז פאראן אן אנדערער, וואס בעט ביי אייך א שוועבעלע מיט אזא מינע, ווי איר וואלט אים געטאן די גרעסטע טובה, און איר פוילט זיך אים צו געבן דאס שוועבעלע אויבעט.

יאסל האט געבעטן ליבע, ווי מ׳בעט א טרונק וואסער, אדער א פאפיראס:

— דו ווייסט, מיידל, עס ווילט זיך אזוי שלאפן מיט דיר, אז ס׳איז א גוואלד... האסט צייט?

און דאס מיידל האט געקוקט אויף זיינע זומער־גרינע אויגן, אויף זיינע ערליכע, שפיציקע, ברייט־צערוקטע ציין, אויף זיינע הויכע פיס, און זיך געשעמט אפצוזאגן.

איך קען אנדערע, וואס צעבלינען זיך אין זייערע ליבעס, ווארפן זיך אן, רעדן גרויסע, שווערע רייד, בעטן די קלייניקייט מיט אזא מינע, ווי עס וואלט זיך געהאנדלט וועגן אפקויפן ארץ־ישראל, און דאס ווייבספארשוין ווערט ביי זיך אזוי גרויס, אז מ׳קען צו איר נישט צוטרעטן.

# דאָס דייטשל.

ס'האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו אונז „אַ דייטשל — מיט אַ בייטשל", און דאָס בייטשל איז געווען נישט נאָר צוליב דעם גראַם אַליין נאָר טאַקע אַן אמת'דיק קליין, שפּיציק, סוויִשטשעדיק רייט־בייטשל.

געקומען איז ער אויף „דאמף," האָט מען געזאָגט, נאָר געגאַנגען איז ער, ווי ער וואָלט געהאַט אַ פערד צווישן די ליטקעס, — הפּנים, געוואוינט געוואָרן צו פאָרן אויף פערד און שפּרינגען אויף זאָטל־נאָכהענגערס, מחמת ער האָט כסדר אונטערגעטאַנצלט, ווי ער וואָלט זיך וועלן אויף עפּעס אַרויפכאַפּן.

דאָס בייטשל האָט ער געטראָגן אָדער אין איינעם פון זיינע געגלאַנצטע שטיוול, אַ נישט האָט ער דערמיט „געשמיסן די לופט" (הפּנים, אַז אונזער לופט איז אים נישט שטאַרק געפעלן, אַ סימן האָבן מיר, ער האָט געהאַט אַ רויטלאַכע נאָז, וואָס ער האָט כסדר געריבן מיט דער פויסט, און ניסן פלעגט ער ווי אַ גרויסשטעטישער מענטש — אין דער זשמעניע אַריין).

די מאָדע פון ניסן אין דער זשמעניע אַריין, און דערנאָך אַ זאָג טאָן: „אַך, מיין גאָט!" איז באַלד אַריבער צו די עלעגאַנצן פון שטעטל, צו די שניידער־יונגען (די שניידער־מיידלאַך האָבן נישט געוואוסט אַקוראַט, צי איז די דאָזיקע „ווינער מאָדע" בלויז פאַר מאַנסביל, צי פאַר פרויען אויך, האָבן זיי דערווייל געניסט אין די טאַשנטיכלאַך אַריין, אָבער געענדיקט מיט „אַך, מיין גאָט!" האָבן זיי סיי־ווי־סיי, אַנשטאָט מיט דעם אַלטן „האָפּ־טשי").

דער „ווינער דייטש" האָט געטראָגן אַ ברוינעם „קיסטאַנט", אַ האַרט היטל, הייסט דאָס, מיט שטאַרק־פאַר־

קאטשעטע קריסעם, וואָס האָבן זיך געענדיקט פון פאָרנט און פון הינטן אין א שיין לאָפּעטקעלע. א חוץ דעם האָט ער געטראָגן א געשטייפטע „ברוסט" און א „שטייענ־דיקן קראגן", און — דער עיקר — גוואלדיק גרויסע מאנ־זשעטן, וואָס האָבן כסדר געוואָלט ארוים פון די ארבל, און ער פלעגט זיי כסדר שטופּן צוריק.

געקומען איז דער „ווינער דייטש" צוליב דער מאשין, וואָס האָט באדארפט קומען און איז נישט געקומען. פאר־פאָרן איז ער פארפאָרן אין הויף אריין, צום פריץ, זיך דורכגערעדט מיט אים אויף דייטש, מיט דער הילף פון „געבזשע" דעם עקאָנאָם, וואָס האָט געוויינטלאך גערעדט דייטש „אויף אויסנווייניק", און האָט נאָר ארייגעשטעלט א פּתח אנשטאָט א קמץ.

— די גאנצע שטאט, וויסענזע הערר פאָגעלבראנדט, איזט פאראינטערעסירט אין איהנענס אויפטו... וואס זאגט דאצו וויען?

דער „דייטש" האָט אים אלצדינג ערקלערט, און דערביי חנ'עוודיק ארויסגעשטעלט דעם גראָבן פינגער און דאָס מינדסטע פינגערל, ווי הערנער, און אלצדינג פארענדיקט מיט„עבענדארום" אָדער „א קלייניכקייט!"

בעריש פּאָסעסאָר, אַן אָנגעטאָפּטשעטער שווארצבאר־טיקער איד מיט א ברייטער זילבערנער קייט אויפ'ן קאמיזויל האָט אויפגענומען דעם „דייטש" ווי ס'געהער צו זיין, האָט אים אריינגעפירט אין זיין סאליע אריין, פארשלאָסן אלע טירן, אריינגערופן דעם עקאָנאָם „געבזשע", אוועקגעשטעלט א פּושקע מיט ברוינע ציגארלאך, אליין פארדרויכערט איינס און מער ווי איין „צי" נישט געגעבן (ער האָט נישט געקאָנט לײדן קיין רויך פון טיטון) גע־האלטן דעם פּאפּיראָס צווישן די פינגער און געזאָגט:

— וויסענזי, איך מעכטע...

מער האָט ער נישט געקענט זאָגן.

דער „ווינער דייטש" האָט זיך צעפלאמט... גענומען

שטופּן די מאַנזשעטן אַזוי ווייט אין די אַרבל אַריין, אַז מ'האָט געקענט מיינען, אַז זיי וועלן שוין קיינמאָל נישט קומען צו־ריק, און גענומען ריידן וועגן די „נייסטע אַנטדעקונגען אויף דעם געביטע דער וויסענשאַפט... די הערפּאָר־ראַגענד הערוים־טריומפירען מעכטע... האבען... וואָלען... ווערדען...

דער דייטש האָט געזוכט גרויסע ווערטער, געשוויצט, געשטופּט די מאַנדזשעטן אויף צוריק, און אָפּגעענדיקט מיט אַן „עבענדאַרום" און „אַ קליינינקייט!"

בעריש פּאָסעסאָר האָט געקוקט אויף „געבזשע" דעם עקאָנאָם; געבזשע דער עקאָנאָם האָט געקוקט אויף בע־ריש פּאָסעסאָר — ביידע האָבן נישט געוואוסט ווי אַזוי „אַריינצוקלינעווען" אַ פּאָר ווערטער אין דעם דייטש'ס האַר־טער עברי.

געוואָלט האָבן זיי אייגנטלאַך וויסן, צי די מאַשין קומט? און ווען? און פאַרוואָס שפּעטיקט זי? אָבער זיי האָבן עס נישט געקענט זאָגן אויף דעם „דייטש"'ס לשון. אַ חוץ דעם האָט דער „ווינער" זיך „געשאַרט ביים ברעג פון זאַכן" און אויסגעמידן צו געבן אַ באַשטימטן ענטפער אויף וואָסער־ס'איז פראַגע. אפילו אַז מ'האָט אים געטראָפן אין גאַס און געזאָגט פון העפליכקייט וועגן „אַ שיינער טאָהג הייטע!", פלעגט ער ענטפערן: „יאַ, איך גלאוב עס!"

וואָס גלויבט ער? ווען גלויבט ער? און — וואָס האָט ער מורא מסכים צו זיין, אַז ס'איז טאַקע שיין אין דרויסן? — האָט מען נישט געוואוסט.

* * *

און נאָך אַ פראַגע האָט געמוטשעט ס'שטעטל:

איז דער „ווינער" אַ איד, צי אַ גוי? אויב אַ גוי, איז ער אַ טייערער גוי ווי גאָלד, איז צוגעלאָזן צו אידן, הויבט־אָפּ ס'היטל, ווען ער גייט פאַרביי די שול. אויב אָבער ער איז אַ איד: מעג אַ רוח אין זיין טאַטן אַריין! וואָרים,

ערשטנס, איז ער נישט קראַנק צו רעדן ווי אַלע מענטשן ! ס'אַנדערע, וואָס איז'ס פאַר אַן אָפּהויבן ס'היטל, אַז מען גייט פאַרביי אַ שוהל ? און דריטנס, איז ער גלאַט אַ פאַרך, אַ דייטשל, וואָס רייט אויף אַ פערד — צעפּוסנ'ס... און וויל זיך כסדר אויף עפּעס אַרויפכאַפּן... אפשר ווייסט איר : וואָס ? ווער ? ווען ?

און וואָס טוט ער בכלל ביי אונז אין שטעטל ? און וואו איז די מאַשין — וואָס זעט מען זי נישט ? און אויב ער איז געקומען, ווי מען זאָגט, אויף „דאַמף" — וואו איז דער „דאַמף" ? און כ'מיין... ס'רעדט זיך אַזוי „אויף דאַמף". וואָס הייסט אויף „דאַמף" ? אויף אַ פּאָקרישקע ? אויף אַ קוימען ?... אויף אַ שוויצבאָד ?

דאָס שטעטל האָט „געטראַכט און געטראַכט", אָבער דער „ווינער דייטש" האָט דערווייל געלאַכט. ער האָט גע־געסן און געטרונקען, געריטן אויף'ן פּריצ'ס בעסטע פערד, פאַרוואָרפן ליבעס מיט די בלייכסטע פאַניענקעס און די לאַכעדיקסטע שניידער־מיידלאַך, און דאָס שטעטל האָט אַלץ נישט געוואוסט : זאָל מען אים בענטשן ? צי שילטן ? אויב ער איז אַ גוי, איז גאַנץ פיין פון אים, וואָס ער פאַרברייננגט מיט אידישע שניידער־מיידלאַך  א ו י ך . . . אויב אָבער ער איז אַ איד — דער סמארק, דאַרף מען אים געבן די ציין אין די הענט אריין און אים אַרויסטרייבן פון דאַנעט... און אים נאָכוואַרפן דאָס היטל.

איז באַשלאָסן געוואָרן, מ'זאָל — פאָרשן.

דער פּלאַן איז געווען אַזא :

מ'וועט פאַרבעטן דעם דייטש אין שוהל אריין, צום דאַווגען, און צוויי אידן וועלן האַלטן אויף אים אַן אויג, בעת ס'וועט קומען צו שמונה־עשרה. איז — אויב ער איז אַ גוי, איז ער אַ גוי... איז פאַרפאַלן, איז ליהיי מ'פאַרבעט אַמאָל אַ גענעראַל אָדער אַ פעלדמאַרשאַל. פאַרקערט ווי־דער איז ער א איד וועט ער מוזן צענויפ־

רוקן די פּיס... און רוקט ער צענויף די פּיס — נעמט מען אים, באַלד נאָכ'ן דאַווענען, אַרויס אין פּאָליש אַריין, און מ'גיט אים פּעטש.

דער „ווינער דייטש" האָט זייער העפלאַך געדאַנקט, וואָס מ'האָט אים פאַרבעטן צו „גאָטעס דינסט", האָט ווי־דער אָפּגעהויבן ס'היטל, אַז ער איז צוגעקומען נאָענט פון שול, האָט אפילו געוואָלט אָפּהויבן ס'היטל אינווייניק אויך, האָט מען אים ערקלערט, אַז דאָס איז נישט קיין טעמפּל, נאָר אַ סינאַגאָגע. „אָה!", האָט ער געזאָגט, „סינאַגאָגע? ריכטיק! עבענדאַרום!" וואָס ריכטיק? וואָס עבענדאַרום? — האָט מען נישט געוואוסט.

האָט מען געוואַרט אויף שמונה־עשרה.

אָבער דאָ האָט פּאַסירט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט צונישט־געמאַכט דעם גאַנצן פּלאַן, אַראָפּגעפירט פון שליאַך — הינו: אַז די צוויי שפּיאָנען האָבן דעם דייטש דערקלערט, אַז באַלד וועט ווערן שטיל, ווייל מען גייט „זאָגן די אַכטצעהען געבעטע", וועלכע זענען זייער הייליק, האָט דער דייטש אַ זאָג געטאָן „אַך — זאָ!", האָט צנויפגע־קלאַפּט ביידע פּיס, ווי אַ סאָלדאַט, וואָס שטייט פאַר זיין עלצטן, זיך אויסגעשטייפט, געוואָלט צו־לייגן אַ האַנט צו זיין שליאַפּ, זיך פאַרכאַפּט, געבליבן שטיין מיט אַראָפּגע־לאָזענע צוויי לאַנגע הענט, געשטופּט די מאַנזשעטן אויף צוריק, און — מ'האָט ווידער נישט געוואוסט, צי האָט זיך אין אים אויפגעכאַפּט דאָס אידישקייט, און מ'דאַרף אים אַרויסנעמען און געבן פּעטש, אָדער האָט זיך אין אים אויפגעוועקט די „מיליטערישע דערציאונג", און ס'קומט אים אַ דאַנק פאַר זיין איידלקייט...

נאָכ'ן דאַווענען האָבן די שפּיאָנען געפּרוּאווט מיט אים פאַרפירן אַ שמועס וועגן מיליטער, וועגן „שטאַבס־אַרצט", וועגן „שטאַבס־קאָמענדאַנט", אָבער דער „ווינער" האָט אַלץ געשמייכלט, געמוטשעט די מאַנזשעטן און זיך געהאַלטן ביים „ברעג פון זאַכן". עבענדאַרום און אַך—זאָ!

# דער קונסט-קריטיקער.

דאָן איז אַ ליטעראַטור־קריטיקער.

ער שרייבט אין אַ אידיש בלאַט וועגן גויים. האַלטן אים די גויים פאַר אַ גרויסן מענטשן. האַלטן אים די אידן פאַר אַ גרויסן מענטשן, ווייל די גויים האַלטן אים פאַר אַ גרויסן מענטשן.

אַ מענטש אַן עלנטער, זעלבסט־אָנגע׳שבור׳טער — אפשר פון שלערטע עסנס, אפשר פון צו־פריער איבערגע־פלאַנצטקייט אין אַ פרעמדער ערד, וואו ער וואַקסט מיט די וואָרצלען אַרויף, איז ער כסדר אין עקסטאַז. אָה, בעבעלאַך מיט קליסקאַלאַך! אָה, קונסט! אָה קרייז־לער! אָה, דינסטיק! אָן אָן „אָה" גייט עס ביי אים נישט.

איך האָב געקענט אַ כירורג, וואָס פלעגט ריידן פון געשווירן און קרעבסן, — ווי אַ גערטנער רעדט פון בלו־מען:

— היינט געמאַכט אַן אָפּעראַציע אויף אַ בויך־גע־שוויר. אַ פולער, פולשטענדיק־אַנטוויקלטער געשוויר... קאָלאָסאַל!

דער פּאַציענט איז, פאַרשטייט זיך, געשטאָרבן. אָבער פאַר אים, — פאַר דעם כירורג — האָט בלויז עקזיסטירט דער געשוויר. דער מענטש איז בלויז געווען אַ מין צו־וואוקס צום געשוויר. האָט ער אים אָוועקאָפּערירט...

אָבער דער געשוויר איז געווען געראַטעוועט. קאָלאָ־סאַל!

דאָן איז הויך און היציק־דירעוודיק, און רעדט בלויז פון שיינקייט, פון עסטעטיק, דאָס וואָרט גראַציע קלינגט אויף זיין פוילישער אויסשפּראַך, כמעט אזוי ווי גראַשיצע... — גראַשיעז.

אַלצדינג איז גראַטשיעז.

פרויען האָבן אים ליב — ווי אַ גוטן תירוץ. אויף אים איז קיין מאַנסביל נישט אייפערזיכטיק. עפּעס גלויבט זיך נישט, אַז אַ חוץ קונסט־פיבער זאָל זיך קענען אין דעם מילכיקן קערפּער טליען אַנדערע פייערלאַך אויך.

דאָן פאַרבינדט די אידן מיט די גויים. פאַרקניפּט „גרינוויטש ווילעדזש" מיט „איסט בראָדוויי" — קען די גרויסע נעמען פון ביידע קוואַרטאַלן. קען אַביסל זייערע אַרבעטן, זייערע רעפּוטאַציעס.

דאָן איז נעבאַך אַן אָרימער בחור, אַן עלנטער, דאַרף אָפט האָבן אַן אַקסל, אויף וועלכן זיך אויסצעוויינען. אָבער די גרויסשטאָטעריי האָט אים אויפגעפרעסן, צעטומלט. ער קען נישט קומען צו־זיך פון דעם פאַקט, וואָס אויף בראָדוויי קענען עטלאַכע מענטשן זיין נאָמען. אַ שקלאַף פון ווייסן בלימל אין לאַץ; אַ קנעכט פון... עסטעטיק.

אין קיין ליטעראַטור אין דער וועלט שעמט מען זיך אַזוי נישט מיט דער קליינשטעטלדיקייט, ווי ביי אונז.

אַ קליינשטעטלדיק פאָלק, אַ זאַפטיקס, מיט אַ שפּראַך, וואָס איז נאָך נישט איינגעקוועטשט געוואָרן אין האַרטע פורעמס, ווי אַן ענגער שוך אויף אַ לייסט. אַ שפּראַך, אַ פרייע, נישט פון אוניווערזיטעטן געפּאָלמעסטע, נישט אין פעסטע געזעצן איינמאַרינירטע. אַ נאַקעטע, אַ באָרוועסע, אַ באַקוועמע, טאָפּל־זייטיקע, נישט־אָפּגעריבענע שפּראַך — שעמען מיר זיך מיט איר פשוט'קייט, פּוצן מיר זי מיט פרעמדלענדישע קווייטלאַך, טרייסלען מיר פון זיך שטענדיק דעם שטויב פון דעם קליינעם שטעטל, שטעלן מיר שטענדיק אַרויס אונזער גרויסשטעטלדיקייט — ווי די גרעסטע מעלה, די העכסטע דערגרייכונג.

אָבער דאָס איז דאָך אַ ליגן: אין אַ שטעטל וואַקסט מען אַריין, שלעפּט מען עס מיט זיך וואוהין מ'גייט, ווי אַ בלאָ „געדענקמיר'ל", אין וועלכן לאַנד אַריין מ'ווערט פאַרוואָגלט.

אָבער — אַ גרויסע שטאָט איז דאָך ענטוועדער אַ סך קליינע שטעטלאַך, אָדער בלויז אַ וואָרט.

דאָן זעטיקט די פאַרפעלטע אינגל־פרייד מיט קוקן אין פרעמדע פענצטער, וואו גרויסע צוקער־טאָרטן ליגן אויפ׳ן טיש, און וואו וואַקסליכט זענען מקריב זייערע האָניקדיקע נשמות...

דאָן לעבט מיט אַ פרעמדער, אויסגעטראַכטער רייכקייט, מיט אויסגעלערנטע „גרויסע מאַניערן" און — האַלט פונדעסטוועגן ס׳קעמעלע אין וועסטל־קעשענע און גיט זיך אַלע ווייל אַ קעם ס׳ביסל בלאָנדע האָר אויפ׳ן קאָפּ.

דאָס איז שוין גאָרנישט קיין „גוטער טאָן"! — אָבער דאָס אייגענע פויליש־אידישע בלוט האָט אפנים אויך אַ קול, און ס׳וויל מ׳זאָל עס אויסהערן.

דאָן האָט מיך פאַרבעטן צו קומען איבערשלאָפן אַ נאַכט אין זיין צימער, טרינקען זיין איטאַליענישן „טשיאַנטאַ", רויכערן זיינע זייער לאַנגע אויסלענדישע פאַפּיראָסן, אַ קוק טאָן אויף זיינע ביכער, וואָס ליגן אין אַלע ווינקלען פון צימער, און — זיך דורכשמועסן מיט מיר וועגן די אַמאָליקע יאָרן, ווען מיר זענען נאָך געווען אינגלאַך און די וועלט האָט אונז נישט געקענט.

אַלע ווייסן, אַז זיך דורכשמועסן וועגן די אַמאָליקע יאָרן שמעקט מיט „קליינעם שטעטל", וואו איינער קוקט דעם אַנדערן אין טעפּל אַריין, און וואו הערצער זענען צעשפּיליעט — דעש־ניע־דעש פאַרדעקט מער ווי מיט א י י ן העמד.

אָבער מענטש איז מענטש, און זיך אַליין אויפהויבן ביי די אויערן — קען מען נישט.

מיר האָבן געטרונקען „טשיאַנטאַ" (עקלהאַפטער פעפּערדיקער ווייַן!), געריכערט די זייער־לאַנגע פאַפּיראָסן (עקלהאַפטע עסטרייכישע פאַפּיראָסן!), דורכגעקוקט דעם „פּאָליש" זיינעם מיט ביכער אין אכט־ציין לשונות, זיך אָנגעשמועסט צו־זאַט וועגן די אַמאָליקע יאָרן, סענטימענ־

טאָל געוואָרן, שיכור׳לאַך זיך געקלאַפּט איינער דעם אַנדערן אויף די פּלייצעס, זיך שיער נישט צעקושט... און אַלץ גע־רעדט און גערעדט וועגן דער צייט, ווען די וועלט האָט אונז נאָך נישט געקענט.

דאָן האָט מיר געוויזן אַ פאַרגעלט קאַרטל, וואָס איז — ווער ווייסט ווי לאַנג שוין — געלעגן אויפ׳ן גע־זימס פון קאַמין. ער האָט אָפּגעבלאָזן דעם שטויב און געוויזן אויף דער לינקער זייט פון וויזיט־קאַרטל אַן אָפּגע־לאָזענע אויפשריפט:

„ליבער פריינט ד.

אויב איר האָט אַ געלעגנהייט, קומט־צו, אָדער קלינגט־אָפּ. איך מוז אייך זען".

גע׳חתמה׳ט איז געווען אַ נאָמען פון אַ באַקאַנטן גוייאישן קריטיקער.

דאָס איז געווען דאָנ׳ס טרייסט, זיין שטאָלץ. דער קריטיקער פון דער „טיימס" — שרייבט אים, ער זאָל קומען אָדער אָפּקלינגען...

און אַמאָל איז געווען אַ צייט, ווען די וועלט האָט אונז נישט געקענט ! !

פאַר׳ן שלאָפן־גיין האָט מיר דאָן (ווי אַ מיידל), גע־וויזן זיין גאַרדעראָב. באַלבאַטישע אַנצוגלאַך, שטייף־געמאַכט, מיט אַ פיינער גראַמאַטיק — קאָרעקט, „קאָם איל פאָ".

— מיין גאַרדעראָב ! איך טראָג נישט קיין טאַנ־דעטנע קליידער — ס׳איז נישט שיין...

אז ער האָט אַ שלעכטע פיגור, און אַז טאַנדעטנע שניי־דער נעמען געוויינטלאַך אָן, אַז דער מענטש איז באַשאַפן אין גאָט׳ס שיינער פורעם — דאָס האָט ער נישט דער־מאָנט.

די פראַקלאַך, די „סמאָקינגס" און די עטלאַכע פּאָר שיך האָבן פאַרנומען ס׳בעסטע אָרט אין צימערל, און אַ שפּאַניש ווענטל האָט פאַרשטעלט אַן אָפּגעריבענעם, זשאַ־ווערדיקן באַסיין אויף איינצוואַשן זיך.

הינטער'ן בעט איז (ווי אין אלע אלטמאָדישע פאַנ־סיאָנען) געשטאַנען אַ טאָפּ און געוואָרנט דעם מענטשלאכן מין, אַז ער זאָל נישט זיין צו שטאָלץ.

ווען מיר זענען ביידע געווען אויסגעטאָן צום שלאָפן, האָב איך באַמערקט ווי דאָן טראָגט צוויי האַלבע שטיק־לאַך אונטערוועש פון שלעכטן געוואַנט און פון צוויי באַ־זונדערע פאַרבן.

זיין לייב איז געווען בלויז ערטערווייז האָריק, די פיס אויבן צו דיק, אונטן צו דין, און אינגאַנצן איז ער געווען ווי אַ מענטש, וואָס איז צענויפגעשטעלט געוואָרן פון אַלער־ליי שטיקלאַך און קנופּן.

— אָה... ליטעראַטור!.. אָה, טשיאַנטאָ! אָה, די אַמאָליקע יאָרן! אָה, בראָדוויי!

דאָן איז געווען שיכור פון זיך אַליין און פון דעם פּע־פּערדיקן שלעכטן וויין. ער האָט געפלוידערט, ווי אַ מיידל, וואָס האָט צום ערשטן מאָל געטרונקען אַ שאַרפן געטראַנק.

דאָן האָט דערציילט פון זיינע ערפאָלגן ביי פרויען. געפרעגט, צי איך ווייס נישט פון עפּעס אַן אַדרעס, און צי ס'איז אמת, אַז עס זענען פאַראַן אַזוינע מיטלען, וואָס מ'קויפט זיי אין אַ פאַפּיראָס־פּאָרם? דערנאָך האָט ער דערציילט פון זיין באַקאַנטשאַפט אין מיליאָנערסקע היי־זער, געוויזן אַ בילד פון אַ רייכער יורש'טע, מיט וועלכער ער האָט שיער־שיער חתונה געהאַט. נאָר דער פאָטער אירער האָט נישט געוואָלט קיין איד פאַר אַן איידעם.

— נו, בין איך אַ איד!! — האָט ער האַלב־שיכור־לאַך געוויינט, זיך מיט איין האַנט געקלאַפּט אין האַרץ אריין, און מיט דער אַנדערער צוגעהאַלטן די שטיקלאַך גאַטעס — נו, בין איך אַ איד! קומט מיך דערפאַר נישט אריינצולאָזן אין דער הויכער געזעלשאַפט? האַ?

איך האָב אים באַרואיקט, געהייסן אים לייגן זיך אין בעט אריין, געפרעגט, צי זי איז טאַקע אַזוי רייך...

— רייך נישט, אָבער א צוויי מיליאָן דאָלאַר האָט זי געהאַט.

שפּעטער האָב איך אים געהערט זיך וואַרפן אומרואיק אין שלאָף און מורמלען ווי אַ פאַרלוירן קינד:

— מאַ־מע... מאַ־מע!

אינדערפרי איז ער אַריין אין פּראַק, זיך באַשפּריצט מיט קעלניש וואַסער, אַריינגעשטעקט אַ ווייס בלימל אין לאַץ, געזאָגט: „אָ רעוואואַר!“, גענומען ס׳שטעקעלע און איז אַוועק — אויף בראָדוויי.

דאָרט ווייסט קיינער נישט, אַז ביינאַכט וויינט ער אין שלאָף און רופט: „מאַ־מע!“



# די מאַשין קומט.

די מאַשין קומט נישט און קומט נישט און קומט נישט. שטעטל גייט אַרום ווי אָפּגענאַרט. אפילו די זומער־דיקע פאַרנאַכט־ווינטלאַך לויפן פאַרביי, עפּעם אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך געשעמט, וואָס די מאַשין קומט ניט.

איך אַליין גיי אַלע נאַכט אַנטקעגן דער מאַשין — אויפ'ן „ווינער וועג" — לויף פאָראויס פאַר אַלעמען, ווייל דער „ווינער וועג" פירט פאַרביי סורטשע'ס שטיבל, וואו ס'שטייען „בלומענדיקע הערצלאַך" אין זייער גערטענדל.

אַז איך דערנעענטער מיך צו דער שטוב, פיל איך, אַז ס'ברענט מיר אַן אַקסל, אָדער אַ פוס איז מיר שווער, אָדער אַן אויער פלאַמט מיר. פון אַלע זייטן פישטשען די פייגל פון די ביימער אַראָפּ, און פאַרדולן דעם קאָפּ — מ'קען נישט הערן, צי סורטשע רעדט דאָרט אינווייניק, צי נישט.

אַמאָל כאַפּ איך אַ ברעקל קול — אפשר איז דאָס סורטשע'ס, אפשר איר מאַמע'ס. איך לייג עס איבער אין געדאַנק אַ סך מאָל, לאָז עס איבערקלינגען, ביז ס'ווערט אַ ליד, וואָס רוישט און רעשט און צעברעכט.

אַז איך גיי צוריק, בין איך בייז אויף „ווין" און אויף דער מאַשין — פאַרברענט־זאָל־זי־ווערן וואָס זי קומט נישט! און פון גרויס ביטערקייט גיי איך אַ שטיקל וועג אַהיים אויף דער שמאָלער פּרענטשע, וואָס איבער דעם וואַסער־בריקל, און באַלאַנסיר זיך מיט ביידע הענט, ווי אַ דראָטן־גייער. צום סוף וואַרף איך אַריין ס'היטל אין וואַסער אַריין, לאָז עס אַביסל שווימען, און גיי אים נאָך — אויף דער פּרענטשע, ביז איך קום צום סוף פון בריקל, גיב איך אַ שפּרונג אַראָפּ, לויף צו צום וואַסער, ראַטעווע ס'נאַסע היטל, ווי אַ דערטרונקען הינטל, קוועטש עס אויס, און — גיי אַהיים אַ דערצאָרנטער, מיט אַ נאַס היטל...

# דער פעטער איציק.

מיין פעטער איציק איז אַ הויכער איד, מיט אַ בערדל, די פאַרב פון אַלטן קופּער. גייט גלייך און שטאָלץ. קרימט איבער מענטשן, ווי אַ קאָמעדיאַנט. האַלט זיך זייער ציכטיק און — פון וואָס ער לעבט, ווייסט מען נישט.

קיין ווייב האָט נישט מיין פעטער איציק. — געהאַט אַמאָל אַ ווייב, זאָגט מען, האָט זי „געקניפּן" ס'ברויט אַנשטאָט צו שניידן עס מיט אַ מעסער, און פלעגט שטענדיק קייען ראָזשינקעס — פון פאַרטוך אַרויס. האָט דער פעטער איציק געשריבן בריוולאַך אַהער און בריוולאַך אַהין. גענומען שטאַרק הוסטן, נישט געוואָלט זיך אָפּווישן די הענט אָן דעמזעלבן האַנטוך, וואָס זי האָט זיך געווישט אירע הענט, גערופן זי איוואַנעכע (דאָס איז געווען אַזוי פאַרצויגן פון חוה'נעכע). און זי, זאָגט מען, איז געשטאָרבן נאָך אים. פלעגט נישט פאַרשטיין, וואָס איז דער חילוק, צי „מ'קנייפּט" ס'ברויט, צי מ'שניידט ס'ברויט, אַז סייווי־סיי עסט מען עס אויף? צוליב אים האָט זי זיך אפילו געקויפט אַ „סטאַניעקל מיט אַ הויך זאָטל", וואָס איז אין יענער צייט געווען שטאַרק אין מאָדע. פלעגט זיך לייגן שלאָפן מיט'ן שייטל אויפ'ן קאָפּ, ווייל דער פעטער פלעגט נישט קענען ליידן אירע אָפּגעשווירענע האָר — אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז דר פעטער איציק האָט זיך איינמאָל מישב געווען און זיך אָוועקגעשטעלט לעבן בעט און האָט גענומען — קרייען. האָט זיך דאָס ווייבל שטאַרק דערשראָקן און צענויפגערופן מענטשן. זענען די מענטשן געקומען צו לויפן און געפרעגט וואָס איז געשען? האָט דער פעטער איציק געזאָגט, אַז ער ווייסט נישט פון גאָרנישט. ער איז ערשט אַהיימגעקומען. זענען די מענטשן אַוועק

און געקוועטשט מיט די פּלייצעס. אזוי גיך, ווי די מענטשן זענען אַוועק, האָט דער פעטער זיך אַוועקגעשטעלט ביים בעט און ווידער גענומען קרייען. האָט זי ווידער צענויפגע־רופן די מענטשן. האָבן די מענטשן געפרעגט: „וואָס איז?" האָט דאָס ווייבל געזאָגט: „ער קרייעט". האָט זיך דער פעטער צעלאַכט און געזאָגט, אַז ער ווייסט נישט, וואָס מ'טוט מיט איר; זי האָט זיך איינגערעדט, אַז ער קרייעט. האָבן די מענטשן געקוועטשט מיט די פּלייצעס און זענען אַוועק. האָט דער פעטער ווידער גענומען קרייען. האָט זי ווידער צונויפגערופן מענטשן. האָבן די מענטשן געזאָגט: „וואָס טוט זיך דאָ?". האָט דער פעטער געענטפערט סקליאַרנע:

— נו, איר זעט שוין מיין אומגליק!

האָבן די שכנים אַוועקגעשריבן צו איר טאַטע־מאַמע, זענען זיי געקומען צעפאָרן און זי געגלעט איבער'ן קאָפּ, מיט איר איינגע'טענה'ט, אַז ס'איז חלילה גאָרנישט, ס'וועט פאַראיבערגיין. דאָס ווייבל האָט זיך נעבאַך זייער דער־שראָקן פון זייערע טרייסט־ווערטער און נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס איז גאָרנישט און וואָס וועט אַריבערגיין.

דער פעטער האָט דערווייל געקראָגן אַ גט.

פון דעמאָלט־אָן וואוינט ער אַליין אין אַ וויים־אויסגע־קאַלכט שטיבל מיט באַטיסטענע פאָרהייענגלאַך. דאָס שטיבל איז פינקלדיק־ריין, האָט אויף זיך צייכנס פון די אויפפּאַסנדיקע הענט פון אַ פרוי. — אָבער ווער, וואָס, ווען? — ווייסט מען נישט.

שטילערהייט שמועסט מען, אַז דער פעטער „פירט אַ ליבע מיט ברעזשאַן" — דאָס הייסט מיט אַ פרוי, וואָס וואוינט אין ברעזשאַן... און נאָך אַ ליבע, זאָגט מען, פירט ער, מיט מאַריאַשע'ן, וואָס וואוינט אין קליינעם הויפל און פריינטלט זיך מיט די זשאַנדאַרן, און האָדעוועט קעז, און גייט מיט די אייגענע האָר.

דער פעטער אַליין — זאָגט גאָרנישט. אין זיין שטיבל

שמעקט שטענדיק געברענטע קאווע און עפּעס אַן איידערלער געראַך פון דייטשע ביכלאַך, און נאָך עפּעס אַ באַרוישנדיקער דופט: דער דופט פון עפּעס פאַרבאָטנס, פון אַ גרויסער זינד, פון אַ גע'גנב'עטן אוצר...

דער פעטער רעדט ווייניק. נאָר פון צו צייט פרעגט ער מיך, צי איך האָב געהערט פון אפרים לעסינג? ער גיט מיר אַ ביכל און הייסט מיר אויסלערנען די „גלאָקע" אויף אויסנווייניק. און די ציין, זאָגט ער, דאַרף מען זיך פּוצן מיט אַ בערשטל איינגעטונקען אין זאַלץ. און אַז מ'גייט, דאַרף מען אַרויסשטעלן די ברוסט אַזוי־אָ; און רעדן דאַרף מען אַזוי־אָ: נישט „קחאַ", נאָר „חאַ", „חחאַ".

דער פעטער האָט פיינט אידן — מיט דער גאַנצער ליבשאַפט פון אַ משכיל, וואָס מיינט, אַז אַלצדינג, וואָס ס'פעלט דאָס פאָלק ישראל צו זיין מיט לייטן גלייך איז: עס זאָל זיך אויסקעמען באָרד און פאות, אויסשטעלן די ברוסט און אַרויסרעדן אַ ריינע „חאַ".

— לעב, מיין קינד! — זאָגט צו מיר דער פעטער — דאָס לעבן איז נישט קיין אַפּקומעניש, נאָר אַ פרייד... פאַרשטייסט? אַן אַפּקומעניש איז דער טויט — דער רוח זאָל אים נעמען. דאָס מענטשלאַכע לעבן איז צו קורץ פאַר אַזאַ לאַנגן טויט. אָבער דו ביזט נאָך צו יונג צו פאַרשטיין. גיי, נעם בעסער ס'בערשטל און פּוץ זיך אָפּ די שטיוועלעטן. זיי נישט קיין „האָלעדריזניק"!

איך נעם ס'גלאַנץ־בערשטל, פּוץ מיר די שיך, און שפּיי אַרויף אויפ'ן בערשטל, עס זאָל מערער גלאַנצן.

— וואָס טוסטו? — דערשרעקט זיך דער פעטער, — האָסט שוין אויך אַ אידישע טבע צו שפּייען... פע! אין שפּייעכץ איז פאַראַן באַצילן. אַלע קראַנקהייטן אויף דער וועלט נעמען זיך פון באַצילן.

און דער פעטער נעמט זיך מיר ערקלערן אַקוראַט דעם שכל פון קראַנקהייט, ווי יעדער קראַנקהייט האָט איר „ווערימל" און ווי איין „ווערימל" עסט אויף דאָס אַנדערע

ווערימל״. ביטער איז נאָר מיט׳ן לעצטן „ווערימל״, וואָס ס׳איז נישטאָ, ווער ס׳זאָל עס אויפעסן.

עס דרייט זיך מיר דער קאָפּ. עס שווינדלען מיר אין די אויגן — די געפּוצטע שטיוועלעטן. איך דערפיל אין מיר די „ווערימלאַך״. — דאָס לעצטע „ווערימל״ הויערט אויף מיין יונג לעבן... — וואָס האָט צו מיר דאָס ווערימל? איך וויל נאָך לעבן און ליב האָבן סורטשע׳ן.

און איך לויף אַהיים און צעוויין מיך.



# דער זיידע איז געשטאָרבן.

איך האָב געהערט א סוד'ען־זיך. די באָבע האָט גע־גוואַלדעוועט. אמאָל זייער הויך. אמאָל זייער נידריק. ווען איר געשריי פלעגט שוין האַלטן ביים פאַרלאָשן ווערן, פלעגט עס אויפסניי געבן אַ פלאַקער־אויף און שניידן מיין יונג האַרץ.

איך בין געווען אין דער אַנדערער העלפט שטוב. — דעם מת האָב איך נישט געזען. אָבער איך האָב געפילט די נאָענטקייט פונ'ם מלאך המות, און איך האָב זיך געשראָקן, ער זאָל נישט מאַכן קיין טעות און א שניט טאָן מיט זיין חלף איבער מיין דינעם האַלז. איך האָב מיר כסדר צו־געהאַלטן דעם האַלז מיט דער האַנט (כאָטש איך האָב סיי־ווי־סיי געטראָגן אַ שאַליקל), פלעג זיך ארויסגנב'ענען פון שטוב מיט אַ תירוץ, ארויסדרייען זיך אויף די פעלדער אַרויס, און — טיף אין מיר האָט עפּעס געוויינט און גע־פרייט זיך. געוויינט — וואָס דער גוטער זיידע וועט שוין מער נישט זיין, און געפרייט זיך — וואָס איך לעב! מער, ווי דער צער אַליין, האָט מיך צעבראָכן די דערוואַרטונג פון די אַלע פריקרע און פרעמדע זאַכן, וואָס האָבן צעשטערט מיין רו. און ווי אַזוי וועל איך קענען נאָכהאַלטן אין גע־וויין מיט דער באָבען? איך האָב מיך געשעמט צו וויינען, געוואוסט, אַז ס'פּאַסט נישט פאַר אַ יונג איינגל צו מאַכן גרויסע גוואַלדן. און וויינען שטילערהייט האָב איך מורא געהאַט, אַז מ'וועט מיך נישט באַמערקן אינ'ם גרויסן יום־טוב פון צער און אַז איכ'ל בלייבן עפּעס ווי אַ פרעמדער...

ברייינגען געוויין צו אַ טויטנ'ס בעט, איז ווי ברייינגען לעקאַכער צו אַ קימפּעטאָרין. וואָס גרעסער דאָס געוויין, וואָס גרעסער דער לעקאַך — אַלץ חשוב'ער דער גאַסט.

דער טויט וויל באַדינט ווערן, ווײַל, מ'זאָל אים אָפּגעבן כבוד, באַווײַזן, אַז מ'שרעקט זיך פאַר אים. הערט זיך אויף שרעקן פאַר'ן טויט, קוקט זיך נישט אום אויף אים, און ער וועט קיינמאָל נישט קומען צו אײַך.

ביז היינט גלויב איך, אַז ווען דער מענטש זאָל נישט אויפהערן צו וועלן לעבן, וועט אים דער טויט קיינמאָל נישט קומען נאָענט. וואָס איז קראַנקהייט? — אַ מיטל אונטערצוקויפן דעם ווילן, אים פּייניקן, ביז ער וועט זאָגן: „נו, גוט, איך גיב זיך אונטער".

דער באַווײַז איז, אַז דאָרטן, וואו דער ווילן איז שוין סײַ־ווי־סײַ צעפאַלן פון אַלטקייט, דאָרט קומט דער טויט גרינג און אָן שום יסורים. פאַרקערט; איך קען אַלטע מענטשן, בײַ וועמען עס האָט ביסלאַכווײַז זיך צעוויקלט אַ ווילדע גלוסטונג צום טויט — אַ תאווה...

מען האָט געטומלט און געוויינט. דאָס גאַנצע אָרימע שטעטל איז געווען פול מיט מת. דער געקעסטלטער בית עולם אויבן אויפ'ן באַרג האָט אַראָפּגעשמייכלט אין נחת... מענטשן מיט אָנגעוויטאָקטע הערצער, מיט אייגענע צרות און יסורים, וואָס שעמען זיך אָבער פאַרגיסן טרערן, האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט און זיך גוט אויסגעוויינט. איך אַליין האָב בלויז געזען דעם גרויסן סוד אַרום דעם סוד... פאַרשטאַנען, אַז דער זיידע קערט זיך אום צו דר'ערד, און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז וואו איך וועל איצט אַ טרעט טאָן אויף דר'ערד, וועט עס ווי טאָן דעם זיידן...

פ אַ ר דער לויה, איידער מ'האָט „געריירט ס'מת", האָט מיך דער פעטער איציק אַוועקגעפירט צו סורטשע'ס טאַטע־מאַמע אין שטוב אַרײַן, מיר אָנגעזאָגט אויפ'ן וועג, איך זאָל נישט וויינען. „נאַטורגעזעץ" האָט געזאָגט דער פעטער. „מיר'ן א ו י ך שטאַרבן"!. וואָס דאָס איז פאַר אַ טרייסט, וואָס „מירן אויך שטאַרבן" — האָב איך נישט פאַרשטאַנען. — פאַרקערט, איך האָב מיך צעוויינט

אויפ'ן קול אינמיטן גאַס, און דער פעטער האָט מיר גע־
ווישט די אויגן און די נאָז מיט זיין ריין, וויים טיכעלע,
האָט מיר געהייסן אָטעמען טיף און טראַכטן פון שילער'ס
„גלאָקע". „בילדונג", האָט געזאָגט דער פעטער איציק, און
זיך פאַרטראַכט צו מערב־זייט, „בילדונג באַזיגט דעם טויט...
ביכער פון גרויסע דיינקער זענען אומשטערבלאַך".

וואָס קומט מיר אַרוים דאַפון, וואָס די ביכער פון
גרויסע דיינקער זענען אומשטערבלאַך, אַז מיר אַליין טוט
ווי דער קאָפּ, און אינווייניק אין בריקל פון נאָז שטעכט
ווי מיט שפּיזלאַך, און איך בין אַזוי שלעפעריק און מיד ?!...

מיר זענען צוגעקומען צו סורטשע'ס שטוב.

— דאָ זאָלסטו זיין, ביז וואַנעט מע'ט דיך רופן ! —
האָט געזאָגט דער פעטער, — און פיר זיך נישט אויף ווי
קיין באַבעצע. דו ביזט אַ מאַן !

דער פעטער האָט מיר צום ערשטן מאָל אין לעבן דער־
לאַנגט די האַנט, ווי זיינס גלייכן. איך האָב איר געוואָלט
אַ קוש טאָן, נאָר ער האָט זי צוריקגעכאַפּט, פאַרשעמט
און געזאָגט :

— נו־נו, ס'איז גוט ! סע'ט זיין גוט ! גיי אַריין,
פאַרברייננג אַביסל מיט סורטשע'ן.

---

# ביי די ברעגן.

ווער ווייסט פאַרוואָס? אָבער די נאָענטסטע צוויי מענטשן זענען שטענדיק די, וואָס ווינשן זיך איינע ס׳אַנדערע דעם טויט — און האָבן מורא זיך אַליין עס אויסצוזאָגן. געליבטע ליגן אין בעט און טראַכטן אָפט (ווען זיי האָבן זיך שטאַרק־שטאַרק ליב) ווי אַזוי זיי גיין צום קבר פון דעם „כנגד", און ברייגנען בלומען און וויינען.

ערגעץ טיף אין אונז ליגט שטענדיק אַ צענויפגעקאַרטשעטער, אַ פאַרשעמטער, אַ נאַקעטער, דער קליינער וואונש איבערצולעבן דוקא דעם נאָענטסטן, דעם געליבטסטן.

אין אַזאַ מינוט קושט מען „זי" שטאַרק, כדי צו פאַרענטפערן זיך פאַר דעם מיאוסן געדאַנק... און מען רופט אַרויס אַ טיפער רחמנות צו דער מיט־שלעפערין, וואָס וועט נעבאַך שטאַרבן די ערשטע, און מיר׳ן מוזן זוכן אַן אַנדערע. (דער כח־הדמיון וואַנדערוועט שוין איבער אַנדערע שטעט און לענדער, זוכט אויס פאַרגעסענע ליבעס, נישט־דערגרייכטע...).

אין דער גרויסער סומע פון לעבן זענען די ציפערן נישט דאָס, וואָס זיי זענען. ווען אונזער ליבע צו זיך אַליין גייט אַריבער די ברעגעס, דאַרפן מיר אַ נייעם קרוג פאַר אונזער איך־ליבע. איז דאָס „זי"! ווערט אויך „זי" פול מיט אונזער איך־ליבשאַפט, ווילן מיר זי ניט אַוועקוואַרפן, נאָר „באַהאַלטן אויף אַ זיכער אָרט", און זוכן אַ נייעם קרוג, פאַר דעם ליכטיקן ווייַן, וואָס קיין טראָפן דאַפון טאָר נישט פאַרלוירן גיין.

---

# אַנקל סעם־יטיזם.

די שנאה צו די אידן דריקט זיך אַמאָל אוים אויף אויסטערלישע אופנים.

אין די יאָרן, ווען ס'האָט זיך אין אַמעריקע אַנטוויקלט אַ טיפע שנאה צו די „ווילדע רוסן“, און ווען די נעמען „טראָצקי“ און „לענין“ זענען געוואָרן שפּאָט־ווערטער, — אין די יאָרן האָט זיך ביי „אונז“ אויפגעוועקט אַ נייגער פאַר רוסישער קונסט, פאַר'ן מאָסקווער טעאַטער, פאַר דאָסטאָ־יעווסקי'ן.

ליבהאָבן מיט שנאה, איז נישט קיין פּאַראַדאָקס. אָפט האָט איר ליב אַ מענטשן, דערפאַר וואָס ער איז אייך דער־ווידער! דער מענטשלאַכער אינטערעס נעהרט־זיך אויף ווייגערטנער, ווי אויף זומפּן. ווי אָפט האָט מיך שוין צוגעבונדן צו זיך אַ קריסטלאַך מיידל, בלויז מיט דעם צלם אויף איר האַלז, וואָס איך האָב אַזוי פיינט; אָדער אירע גרויסע פאָדערשטע ציין, אָדער אירע זומערשפּרינקלאַך.

מיר האָבן ליב דאָס, וואָס מיר האָבן ליב, און דאָס, וואָס מיר האָבן פיינט, האָבן מיר אויך ליב. אַלצדינג, וואָס רירט אָן אונזר לעבן, ווערט אונזערס. ווי אָפט האָט איר שוין געהאַלטן אַן אָפּגעשניטן הינער־אויג, אָדער אַ נאָגל, זיך געשפּילט מיט דעם, עס באַטראַכט פון אַלע זייטן — נעווען אַזאַ שאָד אַוועקצוּוואַרפן!

דאָס שווערקייט־געפיל אין אונז וויל, מיר זאָלן זיין וואָס מ ע ר. אפשר הייבן זיך דערפאַר די ווילדע אָן מיט שווערע מעטאַלן און שטיינער? אפשר טוען מיר זיך אָן אין גרויסע פּאַלאַצן פון שטיין־און־אייזן, שלעפּן אויף זיך אַרויף וואָס מיר קענען, מאַכן פון צוויי — איינס, כדי מיר זאָלן זיין מער, מער, מער?

אפילו שנאה איז בעסער ווי לײדיקײט, ווי גלײכגילטעניש. אז מיר האָבן פײנט א מענטשן, גיבן מיר אים עפּעס: אונזער פײנטשאפט.

און דורך געבן א מתנה בינדט מען זיך מער צו, ווי דורך נעמען...

.2

האָט זיך צעפּאַליעט די אויבערפלאַך פון אונזער שטילשטײענדיקן לעבן דאָ. האָט עס א ווינט אָפּגעפרישט מיט זײן גיפטיקײט. גוט אזוי. בעסער מ׳זאָל אויף דיר ווארפן בלאָטע, אײדער זיך פוילן די בלאָטע אויפצוהויבן און ווארפן אויף דיר.

האָט דער בלאָ־אויגיקער, לאַנגער אנגלאָ־זאַקס דערפילט אין זיך א טלי פון אַנטיסעמיטיזם. האָט ער אָנגעהויבן זיך צוקוקן צום פּנים, אויף וועלכן ער דאַרף ווארפן בלאָטע. עך, וואָס פאר א לײטיש פּנים! ווי ווײ דאָס וועט טאָן!

איז אינאײנעם מיט דער גיפט־פּאַליע אָנגעקומען דער אינטערעס צו דער אידישער קונסט, צום אידישן טעאַטער.

דער לאַנגער, שיכור׳ער קריטיקער פון דער גוי׳שער צײטונג קומט כמעט צוויי מאָל א וואָך אין אידישן טעאַטער. קויכעט זיך שטארק אין אונזער קונסט — נאָר די אידן האָט ער פײנט...

ער זאָגט־נאָך, ווי א פּאָפּוגאַי:

— „א גאַנץ פײנע זאַך, אידישקײט, ווען עס זאָל נישט אײנשטײן אין אידישע הענט!“

און דער בראָנפן שלאָגט אים פון׳ם מויל, און אויף דער רעכטער האַנט פעלט אים א פינגער, און אויף די זײטן פון מויל שטײט בײ אים א שוים, ווי צווישן די ליטקעס פון א פערד, וואָס איז זיך א סך אָנגעלאָפן.

— זײ שפּילן גאַנץ גוט די סאָנסאָוויטשעס!

די שיקסע, וואָס גײט מיט אים מיט, קען שוין א ביסל

אידיש. מ'רופט זי „פיצי“, אפגעקירצט פון „פיצדאנאלד“. זי איז א הויכלאכע אירלענדערין, מיט געלע האר, שיינע אויגן, און זי איז איינגאנצן פלאך, ווי זי וואלט א סך און אפט געלעגן אונטער א שווערער משא.

— פיצי, מיין „גאלד“, — קרימט דער קריטיקער איבער אונזער אידיש. — „פיצי מיין גאלד“, אז מיר'ן האבן געלט, וועלן מיר מאכן א אידיש טעאטער.

— וואס וועלן אונזערע נעז זאגן? — מאכט „פיצי“, איידל, ווי ס'פאסט פאר א מענטש מיט גוטן געשמאק...

דער לאנגער קריטיקער אנ'ם פינגער, נעמט ארויס פון דער הינטערשטער הויזנקעשענע א פלעשל, גיט א זופ און מאכט:

— „זיי פאראידישן אלצדינג — די אידן... אפילו זיך אליין“.

דאס איז א משוגענער און פלאכער ווארטשפיל. אבער „פיצי“ שמייכלט, נעמט ענגער צענויף די „פעיזלי־שאל“ ארום אירע אקסל, א צווט זאל זיך חלילה נישט אנרירן אין א אידן.

אין זיין צייטונג שרייבט דער קריטיקער וועגן „אנטאפן ס'לעבן מיט די עלנבויגנס“; וועגן „זעלבסט־אויס־דרוק“. „די אידן“, שרייבט ער, „האבן א קונסט, ווייל זיי האבן אלצדינג. די אידן שטייען מיט'ן פנים צום לעבן, מיט'ן פנים צו דער זון. זיי זענען א מזרח־פאלק. מיר קוקן צום מערב, און די זון גייט אויף הינטער אונזערע פלייצעס“.

אידישע מיידלאך לייענען די דאזיקע ווערטער, זענען מהדר די גוואלטיקע טיפקייט, רעדן אומעטום וועגן דעם לאנגן קריטיקער אנ'ם פינגער, דערמאנען זיין נאמען מיט גרויס פארכטעניש און דרך־ארץ.

און ווער י. ל. פרץ איז געווען ווייסן זיי נישט!...

# מ׳זוכט דעם דייטש

איז אַראָפּגעפאַלן צו אונז אין שטעטל אַ אידענע, מיט אַ געשוואָלענער באַק און מיט אייגענע האָר, און האָט גע־רעדט ווי אין אַ פלעשל אַריין. „וואָהס", „דאָהס"... און האָט געפרעגט, צי מ׳האָט נישט געזען דאָ קיין דייטשל, איינעם אַ „פּייוועל קאַוואַלעריסט". וואָס גייט, ווי ער וואָלט געהאַט אַ פערד צווישן די ליטקעס, און אַז ער רעדט, ציט ער כסדר די מאַנזשעטן... און שטענדיק ניסט ער... און רעדט זייער שנעל... מיט אַ גוטער דייטשער אויס־שפּראַך — אַ פינצטער יאָר זאָל אים אַוועקלייגן, דער ליט־וואַק־גנב, ער האָט זי אומגליקלאַך געמאַכט!

שטעטל האָט זי אויסגעפרעגט און באַדויערט און גע־זאָגט: „אָ, אים מיינט איר? !... אַבי מיר האָבן געמיינט, אַז ער איז אַ גוי!" און חברה האָבן זיך גלייך אַרויסגע־לאָזט צום הויף אים כאַפּן און — געבן פּעטש.

„געבזשע" דער אָקאָנאָם האָט אויסגעהערט די מעשה, געזאָגט: „אַ רוח אין זיין טאַטנ׳ס־מאַמע׳ס, טאַטנ׳ס־מאַ־מענ׳ס זון אַריין!". געכאַפּט אַ פּאָר נייע וואַשקעס פון אַ געשפּאַן און אַריינגעלאָפן אין דייטש׳ס צימער אַריין. — ער איז נישטאָ. אויפ׳ן טיש ליגט אַ צעטל, געשריבן אין אידיש. מ׳לייענט עס איבער, שטייט דאָרט אַזוי:

„זוכט מיך נישט דאָ. זוכט מיך אויפ׳ן בוידעם. גריסט מיין ווייב. מיין לעבן איז צו ענדע".

אונטערגעשריבן איז געווען: „פּייוועל פּאָגעלבראַנדט", און איינגערינגלט „דער דייטש".

די אידישע „גזלנים" האָבן זיך איבערגעקוקט איינער מיט׳ן אַנדערן, אַראָפּגעלאָזט די קעפּ פאַרשעמט. איינער האָט געזאָגט שטילערהייט: „הלואי דאָס בלוט זאָל נישט פאַלן אויף אונזערע קעפּ — ווי איז מיר".

און מ׳האָט זיך א לאָז געטאָן צום בוידעם.

דער בוידעם איז געווען דושנע און פינצטער. בלויז א קליין „קוקערל״ האָט אריינגעלאָזט א ביסל גרייפלדיק ליכט פון דרויסן. הינטער די קראָקוועס פון דאַך — בפרט ביי די ווינקלען — זענען געווען שווערע שטיקער שפינוועבס. אין א זייט איז געשטאַנען א געפלאָכטענער קויש פון מצות. דערהערט אז מענטשן קומען, האָט ער זיך דערפרייט. געמיינט, אז ס׳איז שוין פאַר פסח און מ׳דאַרף אים האָבן. דאָס פסח׳דיקע געשיר האָט אויך א ציטער געטאָן פון נחת. בפרט די בלעכענע פורעמלאַך פון כרעמזלאַך, און די ערדענע קוגל־טעפּלאַך, און די הויכע, בלאָע כוסות, מיט „געליישטע״ ראַנדן.

מ׳האָט אָנגעצונדן א לאַמטערן, פאַרטאָפּיעט ס׳ליכט אינווייניק, עס זאָל זיך האַלטן, און געשיקט געבזשע׳ן פאָראויס, ער זאָל זוכן... דאָס אומגליק.

ביידע האָבן זיך דאָרט אויבן געזאַמט א שטיקל צייט. מ׳האָט דערהערט א שניט. א שטריק האָט געבראָכן. א זאַך האָט א פאַל געטאָן.

באַלד האָט מען דערזען, ווי אין ווייטסטן ווינקל, הינטער׳ן דאַך, הענגט אויף א טשוואָק עפּעס א זאַך, וואָס זעט אויס ווי א מענטש.

די איבערגעשראָקענע אידן, וואָס זענען געשטאַנען אונטן, ארויפגעקוקט צו דער בוידעם־טיר און געוואַרט, האָבן ארויסגעלאָזט אַן „אוי!״. דער שוין־גע׳חלש׳טער איד האָט זיך ווידער געקליבן חלש׳ן, נאָר מ׳האָט אים ארויסגעשטופּט אין דרויסן־אַרויס.

באַלד האָט מען דערהערט א גרויס געלעכטער — צוערשט פונ׳ם שייגעץ, דערנאָך פון געבזשע׳ן. ביידע האָבן געשוויצט און געכיכיקעט און געדזשווינגעט א „מענטשן״ אראָפּ פון דער לייטער.

אז דער „מענטש״ איז געלעגן אונטן אויפ׳ן שטרוי, האָט מען דערזען, אז ס׳איז נישט קיין מענטש, נאָר אַן

אויסגעשטאָפּטע פּאָר הויזן און דעם דייטש'ס אַן אַלט רעקל.

אין די קעשענעס פֿונ'ם דייטש'ס רעקל האָט מען גע־פונען אַ צעטל, און אין צעטל איז געשטאַנען געשריבן אַזוי:

„ליבע אידן!

אודאי וואָלט איר געוועז א בעלן מיך צו געפינען אַ געהאָנגענעם. ליידער קען איך אייך נישט צוליב טאָן. איך בין נאָך צו יונג. איך לאָז דאָ — מיינע אַלטע הויזן און ס'רעקל. זאָלן זיי זיין אַ כפּרה אויף מיינע זינד. ווען איר וועט דאָס לעזן, וועל איך שוין זיין אויף יענער זייט גרענעץ. און זאָגט מיין ווייב, און אויך בעריש פּאָסעסאָר מיט „געבזשע'ן", אַז זיי וועלן מיך שוין זען, ווי מ'זעט די אויערן".

אונטערגעשריבן איז געווען: „פּייוועל פּאָגעלבראַנדט", און איינגערינגלט „דער דייטש". און גאָר אונטע'ן אויפ'ן סוף ברייוול איז געווען אַן „עיקור שכחתי":

„עיקור שכחתי. איך פּייף אויף אייך אַלע. ס'איז נישט אמת, אַז גאָט היט די נאַראָנימלאַך. גאָט אַליין האָט זיי אויך פּיינט — די יאָלדן".

ה"נל.



# די דריי־איינִיקייט

אַלע ציִען זיך צו דער קונסט. ביי איר לעבעדיק וואַ־סער שטייען די פאַרשמאַכטע. וואַשן זיך ס'פּנים, טרינקען און דערפרישן זיך.

אַנדערע באָדן זיך די פיס אין דעם. קריכן אַריין אינ־ווייניק ביז צום האַלז און פאַרבלאָטיקן עס.

קונסט, געשלעכט, רעליגיע — די גרויסע דריי־איינִי־קייט, וואָס ציט די פעדים פון אונזער לעבן.

סעקסואַליזם שלעפּט דאָס לעבן ביי די הערנער. קונסט טרייבט אונטער מיט'ן חנ'עוודיקן בייטשל. רעליגיע איז דער ציל, וואָס מאַכט דעם וועג דערטרעגלאַך: דאָס פייערל אינ'ם פאַרבלאָנדזשעטן פינצטערן וועג.

אַלע דריי כחות זענען א י י ן גרויסער, בלינדער כח.

כמעט יעדע קונסט איז אויסגעלאָסן און רעליגיעז, אין דעם זין, וואָס זי אַנטפּלעקט, אָדער פאַרדעקט, מיט דעם צוועק אויפצואוועקן, צו פאַרזינלאַכן. דאָס געשריי פון דעם דערוויש בעת ער פּייניקט זיך; דאָס ווילדע טאַנצן פון דעם חסיד; דאָס „רעליגיעזירן" פון דעם נעגער, — דאָס אַלץ איז די פּיין פון פרייד, דער תענוג פון יסורים — געשלעכטליכקייט.

איך האָב אַמאָל פאַרבראַכט אַ יום־כפור אין אַ רבי'נס קלויז. די וואַקס־ליכט האָבן געטשאַדעט און זיך געוויגט פון ווייכקייט. דעם רבי'נס קול ביים עמוד האָט געוויינט, ווי אַ געפּייניקטע חיה. די מענטשן האָבן געיאָמערט און נאָכ־געזאָגט די תפילות: „גאָט אין הימל, עפן אויף דיינע טויערן!". און זיי האָבן זיך געשלאָגן די פאַר'טלית'טע קעפּ אָן די ווענט, ווי די ווענט וואָלטן געווען די טויערן,

אָן וועלכע מ'דאַרף אָנקלאַפּן מיט'ן הייסן געדאַנק. די שוהל איז געווען פול־געפּראָפּט מיט מענטשן און מיט געוויין. עס האָבן געוויינט די ליכט אויף די שטענדערס; עס האָט גע־טשאַדעט דאָס פעטס פון פאַרברענטע נשמות. עס איז געווען היים און פאַרכטיק. שוויים־און־וואַקס־און־פּחד האָט געשמעקט ביז צום הימל.

אויף די אונטערשטע געזימסן פון די הויכע קלויז־פענצטער זענען געשטאַנען יונגע מענטשן, בלאַ־בלייכע, האַלב־גע'חלש'טע. האָבן זיך געשאָקלט אין טויטנטאַנץ פאַר'ן לעבן. זיי האָבן זיך מיט גרוים מסירת־נפש צוגעבונדן מיט די גאַרטלען צו די פענצטער פונ'ם רבי'נס קלויז, אבי נישט פאַרפעלן דאָס הייליקע וואָרט, די זיסע, באַפרייענדיקע פיין, דאָס גרויסע אויסהונגערן זיך, וואָס זעטיקט־אָן מיט אַזאַ רו און ריטם, ביז צו די שפּיץ־פינגער, און אַלצדינג אין מענטשן ווערט געהיילט.

מיט יאָרן שפּעטער איז מיר אויסגעקומען צו זען אין די זידלאַכע שטאַטן פון אַמעריקע, ווי נעגערס גייען אַ טאַנץ צו גאָט, וואַרפן זיך אין אַ שימלדיק טייכל אריין, שרייען: „יעזוס, איך האַלט דיך אין מיינע אָרעמס!". דער נעגער נוצט די רעליגיע, ווי אַ ווילד פערד, אויף אַוועקצולויפן פון זיך אַליין, פון דער זון־קליינקייט, פון דעם עלנד פון אַ לעבן, וואָס גיסט זיך איבער פון דור צו דור, און עס ווערט אַלעמאָל ווייניקער, שוימיקער. עס איז ווי די אָפּנאַרעריי פון אַ דורשטיקן, וואָס שטילט זיין דורשט מיט אַ גלאָז קאַלטן ביער־שוים, וואָס רינט איבער'ן גלאָז, אָבער קילט די אינגעווייד נישט...

אַ שווערער, בלאָליכער נעגער, מיט צעפּלאַטשעטע נאָז־לעכער, און גרויסע אויגן פון לויטער ווייסלאַך, האָט זיך אַ צעפּיבערטער, איינגאַנצן־אַ־ברענענדיקער, אויפגעשטעלט אויף אַ טיש, גענומען שרייען: „יעזוס, מיין גאָט, וואָס האָסטו מיך פאַרלאָזן? !" און אַלץ געריעדט צו די „ברידערן", גענעבן זיי אַ משל פון פאַרבלאָנדזשעטע שאָף, וואָס דער

פאַסטוך האָט זיי פאַרלאָזן, און דערמאָנט דאָס וואָרט „ציון”. דאָ זענען אַלע נעגערס געוואָרן ווילד. גענומען אונטערשפּרינגען און זינגען — מער מיט די גליענדיקע אויגן־ווייסלאַך, ווי מיט'ן קול:

“We are marching to Zion,
To beautiful, beautiful Zion—
The beautiful City of God.”

צום סוף האָט זיך דער רעדנער „באַהעפט מיט דער הויכקייט”. עס איז געוואָרן טויט־שטיל, ווי עמיצער וואָלט די לופט אויסגעבלעפט. די גאַנצע נעגער־געמיינדע האָט אַראָפּגעבויגן די קעפּ אין עהרפורכט פאַר דעם גרויסן, שוואַרצן גאָט, מיט די ברענענדיקע אויגן־ווייסלאַך... די שטילקייט האָט געברענט, ווי זי וואָלט געווען אונטערגעצונדן מיט נאַפט... זי האָט געשריען, געוויינט, נישט צום אויסהאַלטן.

אַז דאָס געשריי פון דער ענג־צענויפגערוקטער שטילקייט איז געוואָרן צו שווער פאַר מענטשן אַריבערצוטראָגן, האָט דער אויפ'ן טיש, אויפגעעפנט די אויגן, אויסגעקרימט ס'מויל, אויפגעהויבן ביידע הענט, ווי צום פליען, און אַ ווילדן געשריי געטאָן: „יעזוס! אָט האַלט איך דיך!”

דאָס געשריי איז געפאַלן צו דר'ערד, ווי אַן אויסגעריסן האַרץ. דער מענטש אַליין האָט אויך דערלאַנגט אַ פאַל פונ'ם טיש אַראָפּ — צו דר'ערד...

פון זיין מויל און פון זיין נאָז האָט געגאָסן ס'בלוט איבער'ן דיל.

די נעגער־געמיינדע האָט זיך אַרומגעשטעלט אַרום דעם פריש־פאַרבלוטיקטן, און געזונגען מיט פאַרגלייזטע אויגן:

“Glory, Glory, Hallelujah”

נאָכ'ן „גלאָרי” האָט זיך געשמירט דעם שטערן מיט'ן רויטן בלוט פון אַ שוואַרץ קינד...

# „פיצי” און „טשאמקי”

„פיצי” שרייבט א ראמאן פונ'ם „אידישן לעבן”.

„פיצי” קען ס'אידישע לעבן — פון דער ערשטער האנט. קען זיך זייער נאענט מיט אן אונגארישן אידן, וואס רעדט שטענדיק פון זיינע פערד, פון זיינע גיטער.

דער אונגארישער איד איז, ווי ס'רוב אונגארישע אידן, א מענטש אן א פאטערלאנד. די אונגארישע ערד איז ווייזט אוים, נישט מסוגל אין זיך ארייננצוציען דעם אידישן שורש. מענטשן וואקסן דארטן מיט די ווארצלען אין דער לופט. „קריכנדיקע פלאנצן”. אויף אזוינע מענטשן איז אפילו שווער צו גלויבן, אז זיי האבן אמאל געהאט טאטע־מאמע!

דער אונגארישער איד איז א זינגער. טוט פאר גוים „גוי'עש זינגען”. אבער זיין אמביציע איז — ווערן א זינגער אין דער אפערא, און „שמייסן אידן אין די גאסן”. אליין רעדט ער פראנצויזיש, ענגליש, אונגאריש, איטאליעניש — אבער כמעט אלע שפראכן רעדט ער אויף א י ד י ש: מיט א תנועה'לע, א חנ'דעלע, א ביטול... און ענדיקט אפ יעדע פראזע מיט א צונגן־קנאק: „קלא!”...

„די אידן זענען בא... בלא... ווייסיך וואס! קענען אפילו קיין בראנפן נישט טרינקען... שטינקערס!”

און ער ענדיקט אפ מיט א „קלא”.

האבן האט ער ארויפגעקעמטע וואנצעס, ווי א קייזערלאבער דייטש. אפט מאל קומט ער אפילו אריין אין קאפיי, מיט א „בינדע” אויף די וואנצעס (אזא מין זאך פון דינער גאזע, אויף צו האלטן די וואנצעס אין צוים, זיי זאלן נישט ארוים פון די אנגעצייכנטע גרעניצן).

אפילו אין אַלטן אונגאַרן פּלעגט מען נאָר אין איינציקע געגנטן פון לאַנד זען, ווי אַ נאַרישער מאַנסביל גייט אַרום מיט אַ „בינדע". געוויינטלאַך איז דאָס געווען אַ קעלנער, אַ פאַבריקמאַכער, אַ וואוילער יונג... אַן אַנשטענדיקער אונגאַר פלעגט אָנטאָן די „שנורבאַרד־בינדע" בלויז ביינאַכט, אין חדרי־חדרים, גלייך ווי מ׳טוט אָן אַ שלאָף־העמד, אָדער אַ שלאָף־הויב.

גערופן האָט זיך דער „אונגאַרישער זינגער" נישט מיט זיין אמת׳ן נאָמען חיימקאָוויטש, נאָר „טשאַמקאַדיראָ".

טשאַמקאַדיראָ האָט, ווי דער באַקאַנטער ציגיינער־זינגער פון דער קאַפּיי „קליין־אונגאַרן", געשפּילט אויף פּרויענהערצער. און נישט אַזוי אויף הערצער, ווי אויף די אַפּעטיטן פון די הויכע אונגאַרישע און רומענישע ווייבער. ער איז געווען ברייט און אָנגעטאָפּטשעט, און זיינע שפּיציקע, ארויפגעטלימעטע וואָנצעס זענען געווען מאַנסביליש־רייצנד, ווי ביי אַ קאָטער. זיין רעדן פון פערד, פון שטאַלן, פון ווייַן האָט געווירקט, ווי דער גערוך פון מיסט ווירקט אויף הייסע קי.

„טשאַמקאַדיראָ" האָט געזונגען מיט פאַרקאַטשעטע אויגן, געוואָרפן מיט די האָר, איבערגעלאָזט אין אַלע סוף־ווערטער אַ מין ווידערקול, געגרויסט דעם ברוסט־קאַסטן אַזוי ווי דאָס זינגען וואָלט געווען אַ מין „איבונג צו אנגעוויקלען די מענלאַכע ברוסט". זיין שטים האָט געהאַט קלאַנג, מעטאַל, נאָר זי איז געווען „אויסגעמאָלקן", ליידיק... זיין געפיל איז נישט אַרוים דורכ׳ן קול.

טשאַמקאַדיראָ פלעגט פונדעסטוועגן טאָן אַ טובה דעם אָרימען פאָלק ישראל און זיך אַראָפּלאָזן אין דער „רומעני־שאַרניע" — עסן גראָשיצע, לעבערלאַך מיט שמאַלץ, אָקסענע אייער, לאַקערדע און אַנדערע גוטע זאַכן.

ווייַן האָט טשאַמקאַדיראָ געקענט טרינקען אַ סך. ער פלעגט אַריינגיסן אַ קעלישאָק, און אָפּווישן דאָס „פּיסל" פון גלאָז, ווי אַ גוי. זיך אַרויפבאַרשטן די וואָנצעס און לאַכן.

און אז טשאמקאדירא האט געלאכט, האט איר געהאט ס'גע־
פיל, אז ער לאכט דורך א ציגארפאפירל אויף א קעמעלע:
בזלל... זמזז...

פליגן האבן געזשומעט אין זיין געלעכטער. גריוון
האבן זיך געפרעגלט. לופט איז ארויס פון אן ענג פלעשל.

אז טשאמקאדירא איז געווארן פריילאך, האט ער גע־
רעדט ווי אן אנטיסעמיט, געשריגן אויף אידיש „פארכאטע
אידן". „העי, פארכאטע זשידעס, איך בין טשאמקאדירא.
לע־בע־דיק, נו! !"

און טשאמקאדירא פלעגט מיט די הארטע פיס זיך
לאזן א טאנץ, נאכשלעפן דעם ברייטן נישט־אידישן הינטן,
טרייסלען מיט די האר, וואס זענען אויסגעקראכן אינמיטן
קאפ, און פארזיכטיק פארשלייערט מיט א פאר זייטיקע
פלעכטלאך פון די פאות...

— עי, לע־בעדיק.... זשי־דעס פארכאטע!

אלע האבן געפליעסקעט מיט די הענט, עס אנגענומען
פאר א וויץ, זיך געפילט שטאלץ, וואס אזא מענטש, ווי
טשאמקאדירא, לאזט זיך אראפ צו די אידן און רעדט
אידיש...

אונטער געוויינלאכע אומשטענדן האט טשאמקאדירא
גערעדט מיט א פראנצויז — דייטש, מיט א דייטש — רומע־
ניש... מיט א רומענער — אידיש...

טשאמקאדירא איז געווען א פיגור פול מיט פארב. די
פארב איז געווען נישט־אומיסנע אנגעשמירט, נאר ווי עפעס
איינער, וואס וואלט דורכגעקראכן דורך א קוימען, אין
וועלכן די ציגל זענען אנגערויכערט מיט אלערליי פארבן.

ער איז געווען א גלייכער, א זיכערער. פלעגט שטענ־
דיק וויסן, ווען זיך אויפצעהויבן און אוועקגיין. געדיינקט
אקוראט די ווערט פון יעדן מענטש, געוואוסט וויפיל מ'קען
פון אים ארויסשלאגן, אין געלט אדער אין כבוד, אדער אין
באקאנטשאפט מיט זיין ווייב.

„פיצי׳ן" איז געפעלן געוואָרן טשאַמקאַדיראַ, דערפאַר וואָס ער פלעגט שטענדיק ריידן פון דועלן, פון פערד, פלעגט אפילו טראָגן מיט זיך אַ רעוואָלווער און אַ „קינזשאַל", גלייך ווי אונזער אידישע קינסטלער־קאַפּיי וואָלט געווען פול מיט מערדער און גאַרגלשניידער...

טשאַמקאַדיראַ האָט געלערנט „פיצי׳ן" ריידן אידיש. „איהך בהין אַ אידישע שינסע" — פלעגט „פיצי" זאָגן ביי יעדער געלעגנהייט, קוקן אויף טשאַמקאַדיראַ׳ס וואָנצעס, און דערנאָך אריינפלעכטן זיך אין אים, כמעט אריינוואקסן אין זיין „זייט" אריין און נעמען ריידן וועגן „אַנרירן ס׳לעבן מיט די עלנבויגנס".

„פיצי" האָט געהאַלטן, אַז אזוי ווי זי איז כמעט די איינציקע קריסטין, וואָס קען זיך נאָענט מיט אידישע קינסטלער, דאַריבער דאַרף זי שרייבן אַ נאָוועלע פון 40 טויזנט שורות (צו 30 סענט אַ שורה) וועגן דעם לעבן אויף דער „איסט־סייד", וועגן די אויסטערלישע אידישע קינסט־לער, וואָס קענען קיין בראַנפן נישט טרינקען און אויף קיין פערד נישט רייטן, און וועגן דעם גאַנצן „משוגענעם געוועב פון די אויסלענדער, וואָס זענען פאַרטשאַדעט פון חלומות און וואָס דאָס נאַקעטע לעבן איז זיי פרעמד, ווי אַ מאָן־בלום איז פרעמד צו אַ וועג פון אַספאַלט..."

דאָס בוך האָט געהאַט אַ סך פּליטערלאַך און גרויסע ווערטער, און אויסרופצייכנס און פּינטעלאַך. אָפּט האָט „פיצי" אריינגעוואָרפן (לשם הומאָר) אַ אידיש וואָרט, ווי „עפשער, מעי־בי". געלאָזט אירע פלאַכלאַכע עפּיזאָדן נע־שען אין אַ אידישן הויף, וואו וועש הייננט אויף שטריק ווי „געהאַנגענע ווייסע האָפנונגען", און וואו פרויען שניידן זיך אָפּ די אייגענע האָר, כדי צו קענען זיי פאַרקויפן, און פאַר דעם געלט זיך קויפן אַ פינגערל פון פאַלשן גאָלד...

טשאַמקאַדיראַ האָט געהאָלפן איבערשרייבן ס׳בוך, נישט אריינגעלאָזט אַ סך עכט־ענגלישע ווערטער, וואָס

האָבן אין זיין גע׳מלה׳ט אויער געקלונגען מיט א חשד פון אידישקייט.

אזוי האָט ער זיך, למשל, געשפּאָרט מיט „פיציין״, אז מ׳קען נישט זאָגן: "Passover falls on—" ווייל דאָס קלינגט ווי: „פּסח געפאַלט היינטיקס יאָר״. „פיצי״ האָט זיך געוועָרט, געזאָגט, אז זי, א געבוירענע אַמעריקאַנערין, קען די שפּראַך בעסער פון אים. אָבער טשאַמקאַדירא האָט א מאַך געטאָן „קלאַ!״, האָט ארויפגעבאַרשט די וואָנצעס, מיט דער רעכטער האַנט א ה ע ר און מיט דער לינקער האַנט א ה י ן , האָט א זאָג געטאָן עפּעס א גראָב וואָרט אויף פראַנצויזיש, און „פיצי״ האָט זיך פאַרשעמט גע־טוליעט צו אים, גערופן אים „טשאַמקי״ און — ס׳איז גע־בליבן, אז מ׳זאָל בייטן דעם אויסדרוק „פאַלס אָן״ אויף "Occurs"

די אידישע קריטיק האָט זייער געלויבט דאָס בוך, גע־רעדט וועגן דער דערנענטערונג פון צוויי וועלטן, באַוויזן אז די קונסט איז אוניווערסאַל און אז „פיצי׳ס״ האַרץ שלאָגט מיט שטילער ליבשאַפט צו אידן.

א דאַנק דעם, וואָס די אידישע פּרעסע האָט זיך גע־חנפה׳ט צו דער שיינער אירלענדישער גוי׳ע, האָט דאָס בוך געהאַט א טיראַזש פון איבער 12 טויזנט צווישן אידישע שניידער־מיידלאַך און אַנדערע אינטעליגענטע ראַדיקאַלן, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געהערט דעם נאָמען ל. שאַפּירא, אָדער מענדעלי מוכר ספרים...

# דער זיידע איז געשטאָרבן.

ס'איז געווען אינמיטן זומער.

פון די פעלדער אַרום אונזער שטעטל האָבן געשמעקט די האָפּן. ווערבענע בוימלאַך האָבן געשמעקט ווי ווערבענע פּייפלאַך, אויף וועלכע אַ פּאַסטוך שפּילט. דער זון־ווינט האָט אויסגעקעמט די קוקורוזע־בערד אין די דערבייאיקע גערטנער, איז אַ צעדולטער אַראָפּגעפלויגן פון אויבן און עפּעס אָנזאָגן אונטן, און ווידער אַרויפגעפלויגן אויבן — די אומענדלאַכע שיינקייט פון אויסגעפּוצטער רו, פון פעלד־נחת, פון אָנגעגליטע וואלד־זמירות. דער גרין־גאָלדענער צעפּוסגם פון אַ בעט, וואו יעדנאיינעמס גליק איז געלעגן אויסגעצויגן, מיט ווענוס־שיינקייט, קיל־אָפּגע־דעקט, — צום שטוינען, צום פרייען־זיך, צום גאָט־בעטן.

אָבער די אַלע שטילקייטן און שיינקייטן פון אונזער שטעטל זענען היינט געווען צעריסן פון דער אומעט־אומרו פון אַ מת, וואָס מ'האָט נאָך נישט מקבר געווען, און וואָס די ערד שרייט אַרויס און מאָנט אים..

— וויין נישט, וויין נישט! — האָט מיר געזאָגט סורטשע'ס טאַטע. איז אַריין מיט די פינגער אין זיין שוואַרצער, סודות'דיקער באָרד, און עפּעס זיך געזאַמט דאָרטן, מיט גרויס עגמת־נפש.

דאָס שפּענדל אויפ'ן וואַסער קען זייער גרינג זאָגן צום שטיינדל:

— נעם זיך אַ ראיה פון מיר. פאַל נישט אַראָפּ.

אָבער דאָס שטיינדל פאַרשטייט נישט, ווי אַזוי מ'קען נ י ש ט אַראָפּפאַלן, אַז מ'איז אויפ'ן וואַסער.

מיין באַטריבקייט איז געווען גרויס. נאָך גרעסער

איז געווען די זאָרג, צי וועל איך קענען זיין באַטריבט אויף אַזאַ אופן, עס זאָל מיר נישט אָנטאָן קיין אומ־כבוד?

איך בין שוין געווען אַ אינגל אין די יאָרן (כמעט 12 יאָהר!), האָב געלערנט ביי א דייטשן לערער, האָב זיך גע'חבר'ט מיט דאַווידן (נישט דאַוו־איד, מיט'ן טראָפּ אויף דער לעצטער זילב, ווי ביי די רוסן, נאָר דאַ־וויד, מיט'ן טראָפּ אויף דער ערשטער זילב!). גערעדט מיט אים וועגן לייפּציק... געהאַט הנאה דערפון, וואָס איך האָב שוין גע־קענט אַרויסזאָגן די דייטשע שלאָסע גימל כמעט ווי אַ „ח". זיך געקליידט אין וויענער קליידער, געטראָגן אַ סאַמעטענעם יעגער־הוט. האַלב „ווינער", האַלב היגער, גערעדט מיט דאַווידן וועגן דאַיטשלאַנד, — וואו מ'עסט שאָקאָלאַדע און מ'גייט אין אוניווערסיטעטן... און מיידלאַך האָבן ווייסע פּנים'ער, און שיין־פאַרפלאָכטענע צעפּ־קרענץ אַרום די קעפּ און טראָגן שטיקלאַך „פּאַה'לאַך", און זיידענע פּאַראַסאָלן...

דאַוויד פלעגט אויף דעם אַלעם אַ פייף טאָן, זיך געבן א קער־איבער מיט'ן קאָפּ אַראָפּ און זאָגן: „זאָ מאַכען וויר עס אין לייפּציהק!"

— „לייפּ־ציהך!"

א חוץ דעם שיינעם קלאַנג „לייפּציג", האָט זיך די לעצטע צייט ביי מיר אין געדאַנק פאַרקריצט דאָס וואָרט „חדקל" — דער טייך „חדקל". — איך האָב געזען פאַר זיך עפּעס א וואַנדערלאַכן טייך, פון רינענדיקן בורשטין אָדער בלוילאַכן זילבער, און דאָרטן האָט זיך געבאָדן שולמית אָדער די מלכה־שבא און אבישג השונמית און אסתר המלכה...

דער טאָג האָט זיך אויסגעלעבט אין בּיסלאַכדיקע טרערן, אין קליינע זיפצן, אין האַרץ־שווערקייט, אין קאָפּ־ווייטאָק.

סורטשע'ס טאַטע־מאַמע זענען אַוועק צו דער לויה. איך בין געבליבן אַליין מיט סורטשע'ן, און אַלצדינג אין מיר און אויף מיר האָט געברענט און געציטערט, ווי א בינטל אונטערגעצונדענע נערוון, אַרויסגעוואָרפן אויפן ווינט.

עס האָט זיך אָפּגעריסן עפּעס אַ שטיקל קלאַנג פון אַ קלויסטערגלאָק (דאָס קלויסטער איז געווען נישט ווייט), און ווי אַ שטיק הייסער בליי אַריינגעפאַלן אין מיין אומעט, וואָס האָט געהאַלטן אין פארשאָטענט־ווערן, דורך דעם גרע־סערן ליכט פון גרויסער ליבשאַפט און דערוואַרטונג.

דאָס בריוול צו סורטשע'ן איז נאָך אַלץ געלעגן אין אַ רים פון מיין קעשענע, וואָס האָט געפירט צום אונטערשלאַג פון מיין רעקל.

איך האָב עס געטאַפּט מיט דער האַנט; ס'האָט זיך מיר געדאכט, אַז איך הער זיך אַליין ריידן צו איר די שיינע רייד פונ'ם לעמבערגער בריוושטעלער, און איך האָב נישט געוואוסט, צי ס'איז טאָג, צי ס'איז נאכט, צי נעכטן, צי מאָרגן, און צי דאָס וואָס איז, איז שוין געוועזן, צי ס'דאַרף ערשט זיין.

די אָנגלי פונ'ם זומער־טאָג האָט אַריינגעקלונגען דורכ'ן פענצטער, האָט צערעגט די גרויסע פליגן אויף די שויבן. זיי האָבן געזשומעט, געוואָרפן זיך מיט די „קעפּלאַך" צום פענצטער, אַוועקגעפלויגן אין אַ גלייכער ליניע צוריק און ווידער געקומען זיך שלאָגן קאָפּ אָן פענצטער.

אַלצדינג איז געווען אַזוי זיס־ביטער, ווי אַ קליינער ווייטאָג, וואָס מען פאַרגרעסערט אַ סך מאָל, כדי מ'זאָל זיך קענען פּיעסטשען ביי זיך אַליין. דאָס האַרץ האָט גע־בעטלט שטילערהייט: „געליבטע, מיין געליבטע! שולמית, מיין שולמית! מלכה־שבא, מיין מלכה־שבא!"

עס האָט זיך דערהערט אַ געקלאַנג פון אַ פּושקע מיט מטבעות. אַ גרוי, פאַרנעפּלט קול האָט געצויגן: „צדקה תציל ממות". —

דאָס האַרץ האָט אַ כליפּ געטאָן. דער אויסגעטריקנטער קוואַל טרערן האָט זיך געעפנט. איך האָב געזען דעם זיידן, ווי מ'לאָזט אים אַראָפּ אין קבר, מ'פאַרשיט אים מיט ערד... ס'מויל... די אויגן...

— זיידע... זיי־דעשו!

אַ פיבערדיקער, כליפּענדיקער האָב איך מיך געוואָרפֿן אויפ׳ן בעט.

סורטשע איז צוגעקומען נאָענט, מיר געגלעט דעם קאָפּ, אָנגענומען מיין האַנט, מיך געוואָלט טרייסטן.

איך האָב צוגעפירט איר יונגע האַנט צו מיינע אויגן, מיר אויסגעווישט מיט זיי די טרערן, נאָך אַביסל געכליפּעט שטילערהייט, שטילער, שטילער. און אינגאַנצן שטילער געוואָרן. צום סוף בין איך געבליבן אינגאַנצן אויסגע־שעפּט, כמעט ליידיק, אָבער פרייער און ג ר י נ ג ע ר .

זי האָט זיך צוגערוקט נעענטער צו מיר, געזאָגט ווי אַ גרויסע, אַז: „וואָס די ערד נעמט צו, מוז מען פאַרגעסן״.

איך האָב איינגעזאַפּט אין זיך אירע רייד, ווי אַ גרויס היילונג, ווי אַ ברכה. געטראַכט פון דעם בריוול אין מיין קעשענע, עס געוואָלט אַרויסשלעפּן און איר געבן, נאָר ווייל איך האָב מיך געשעמט און נישט געהאַט קיין כח דאָס צו טאָן, האָב איך מיך ווידער צעוויינט — דאָס מאָל אויף איר האַרץ — און געזאָגט:

— זיי־דע...

סורטשע איז געוואָרן גערירט פון מיין געוויין, אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אירע אויגן פון אַ סאַרנע, געקוקט און מיך פאַרשטאַנען, ווי אַ מאַמע. זי האָט זיך אַנידערגעלייגט לעבן מיר אויפ׳ן בעט, מיט׳ן פּנים צו מיר. איך האָב זי אַרומגענומען און געגומען קושן אויף די ליפּן. זי האָט זיך גרינג געוועהרט און אַלץ געזאָגט אַ באַצער׳טע, אַ האַלב־פאַר׳חלש׳טע: „מ׳טאָר נישט, מ׳טאָר נישט״. האָט זיך אַרויפגערוקט העכער פון מיר, אַזוי, אַז די זוילן פון אירע פיס זענען אויסגעקומען גלייך מיט מיינע. זי האָט אוועקגענו־מען ס׳פּנים און געבליבן ליגן אַ שוואַר־אָטעמדיקע. פון׳ם ציען זיך אַרויף האָט זיך איר קליידל צעעפנט ביים האַרצן, און אַ קליינע ווייסע טויב איז מיר אַנטקעגנגעפלויגן. איך האָב מיך געצויגן צו איר קליין בריסטל און איינגעזאַפּט אין זיך די וואַרימקייט און גלאַטקייט. זי האָט זיך אומרואיק

געוואָרפן אין פרייד־יסורים, נישט געוואוסט וואָס צו טאָן, אָבער באלד האָט זי ווידער אויף מיר א קוק געטאָן מיט די אויגן פון א סאַרנע און אַנטקעגנגעטראָגן מיינע קושנדיקע ליפּן דעם יונגן ניפּל פון איר ברוסט, וואָס איז געווען ווי א רויז, וואָס דאַרף ערשט בליען.

דעמאָלט האָב איך ׳ס׳ערשטע מאָל אין מיין לעבן געוויינט אויפ׳ן האַרץ פון א פרוי.

איך בין אַנשלאָפן געוואָרן לעבן איר, ווי לעבן א מאַמע׳ן.

אין חלום האָבן מלאכים געוויגט מיין וויגל, א טשאַטע ווייסע טויבן האָבן געזונגען ארום די סטריכעס, א קלויסטער־גלאָק האָט געקלונגען, דער פעטער איציק האָט מיך גענלעט איבער׳ן קאָפּ און געזאָגט: „לערן דיך שווימען אויפ׳ן טייך חדקל, וואו עס היינגען די ליילעכער פון שלמה און עס רוען די געצעלטן פון קדר...“ — — —



# וואַלקין.

.1

וואַלקין איז אַ סקולפּטאָר. ער האָט אַ שיין, פערדיש פּנים, געטרייע פערדישע אויגן. אַז ער בויגט־אָן דעם קאָפּ און צעלאָזט די האָר, ווילט זיך אים אָנטאָן אַ זילבערן צוימל ארויפלייגן אויף אים א נײַ, שיין זאָטל און פאָרן אויף אים רייטנדיק.

יעדער מענטש האָט אין זיך די ענלאַכקייט פון עפּעס אַ חיה אָדער אַ פיש. אַ טייל מענטשן זענען ענלאַך צו הינט, אַנדערע צו פוקסן, נאָך אַנדערע צו קעץ אָדער צו שלייענס. אַ טייל האָבן געמישטע אָנבליקן.

ווער ווייסט, דורך וויפיל חיות און באַשעפענישן דער מענטשלאַכער מין האָט זיך געלייטערט, ביז ער איז גע־קומען צו זיין אומנאַטירלאַכער צווייפיסיקייט. נאָך הײַנט, ווען אַ מענטש איז מיד פון טראָגן די פאָדערשטע פיס אין דער הויך, און ער לייגט זיך אַוועק אויף אַלע פיר, ווערט אים דאָס לעבן גרינגער, די וועלט שענער, די פאַרדייאונג — בעסער.

ציוויליזאַציע? אפשר איז דאָס בלויז דעגענעראַציע. מיר דעגענערירן ארויף צו א העכערער מדרגה. איז דאָך אין דער נאַטור אַ געזעץ, אַז איין לעבעדיק באַשעפעניש פרעסט ס׳אַנדערע, כדי איינצושפּאָרן דער נאַטור אַרבעט. „באַשאַפט זיך אַליין; דער׳הרג׳עט זיך אַליין!“. דאָס איז דאָס נישט־געשריבענע באַפעל. דער מענטש נאָר — איינער צווישן אַלע חיות — וויל אָפּדינגען ביים גרויסן וועלט־שכל א שטיקל אייגנעם שכל פאר זיך, א ברעקל ווילן, ער זאָגט: איך וויל נישט זיין דאָס שפּייטעפּל פאר מיין גאָט־

הייט. איך וויל מיך ד ע ר ה ע כ ע ר ן. און ער פאַר־לויפט זיינע אינסטינקטן דעם וועג. אָבער ס'איז דאָך נאַריש, צו זען, ווי אַ נישט־געענדיקטע ליים־סטאַטוע, מיט די קלעפּ־מעסערס אין איר „גוף" וועקט זיך אויף און נעמט אויסבעסערן איר מייסטער!...

יונג איז נאָך דער מענטשלאַכער מין. די וואַרימע צייכנס פון מעשה בראשית זענען נאָך אויף אונז.

„און גאָט האָט געזען, אַז ס'איז גוט". — אונזער גע־לעמטקייט איז ז י י ן כח. אונזער ווילן צו געטלאַכקייט איז אַ סימן, אַז דעם מייסטער'ס אויג האָט זיך אָפּגעטאָן פון אונז. אָבער סוף־כל־סוף וועט ער זיך אומקוקן, זען, ווי מיר ראַטשקען זיך ז י י ן כח צו פאַרכאַפּן, אונז געבן אַ שנעל אין נאָז, און מיר וועלן אַראָפּפאַלן.

דער מענטש וועט לעבן, ווי ס'איז אָנגעצייכנט פאַר אים, וועט פאָלגן די שטים, וואָס הייסט אים טויטן און פאַרצוקן, וועט זיין אַ טרייער קנעכט צום האר, און בלייבן לעבן, אָדער ער וועט צום געטלאַכן מקור זיך ציען, „ציוויליזירט" ווערן, עטיש ווערן, און אונטערגיין...

אַלצדינג, וואָס דערנענטערט אונז צו גאָט, דערנענטערט אונז צו זיין קנאה, צו זיין אומגעדולד...



# וואלקינ׳ס קונסט.

.2

זייער ווייניק אידן זענען סקולפּטאָרן אָדער מעטאַל־גיסער. דער אידישער קינסטלער האָט קיין געדולד נישט פאר ארבעט. ער שפּילט פידל, אָבער ער שרייבט זעלטן גרויסע קאָמפּאָזיציעס. ער שפּילט טעאַטער, אָבער ער וועבט ניט קיין קונסט־טעפּיכער. ער שרייבט סקיצן, עקסקיזן און לידער, אָבער זעלטן גרויסע ביכער. ער מאָלט און פארבט, צייכנט מיט פעדער און קויל און ראדיר־שטיפט, אָבער האקן מיט׳ן דלאָטע, אוועקהאקן דאָס אומנוציקע ארום דעם שטיין, וואו עס שלומערט א ווענוס, דאָס איז נישט פאר אים...

וואלקין האָט אין זיך געהאט עפּעס גוי׳עשס, פּויער׳שס. ער האָט ליב געהאט ארבעט, א ל ע ר ל י י ארבעט, גראָבן ערד, האקן האָלץ, זעגן קלעצער. ער האָט געהאט די געדולד פון א נישט־קינסטלער און דעם כח פון א קינסטלער. זיין נאטור איז געווען א רויע, כמעט אָן א הויט אויף זיך. זיין קערפּער איז געווען שטארק, און ווי א ג ע ז ו נ ט קינד האָט ער ליב געהאט אויף זיך בלאָטע, אומריינקייט.

וואלקין האָט געהאט א ווייב א שריפטשטעלערין, וועלכע ער האָט גלייכגילטיק ליב געהאט. ס׳איז געווען א געראָטענע הייראט. ער האָט זי ליב געהאט אקוראט גענוג, צו קענען זי אָפּשטויסן פון זיך (נאָכ׳ן צונויפקום) אָן צערעמאָניעס. מיט אַן אַנדערער, וואָס מען האָט מער ליב, מוז מען שפּילן טעאטער, זי צערטלען, ווען די נאטירלאכע נייגונג איז זיך אוועקצורוקן פון איר, אָדער איר א פּאטש טאָן.

דער מאַן, דער פאַרשווונדער, קען נישט מיט ליבשאַפט קוקן אויף דער, וואָס נאַרט זיינע כחות אוים.

אין גרויסע ליבעס דערהויבט זיך דער מאַן צו דער מדרגה פון אַ פרומען ליגנער, פון אַ ראָמאַנטישן באַטריגער.

ריינע מענער ליידן דאַפון, מוטשען זיך... פלאָנטען זיך שטענדיק אין דעם אומריינעם געפיל פון „פאַרגעבן דעם שונא"...

וואלקין האָט ליב געהאַט זיין ווייב, ווי אַ זאַך, וואָס קומט צענויף, און שאַטן קען דאָס נישט. זי איז געווען צו נאָענט צו אים, ער זאָל זי זען — אין איר גרויסקייט. „ליזאַ", פלעגט ער שרייען, „וויפיל האַלט דער זייגער?" „ליזאַ, וואָס איז היינט? — דינסטיק אָדער מיטוואָך? ליזאַ, וואו איז דער דלאָט?... ליזאַ, וואו זענען מיינע שטעקשיך? ליזאַ, אַ יאָ, איך האָב זייער אַ שיינעם האַלז?"

ליזאַ איז אים געווען ווי אַ הויך ווידערקול. וואָס ער האָט געזאָגט, האָט זי צוריקגעזאָגט העכער און לויטערער.

ליזאַ איז געווען אַ שריפטשטעלערין, און ווען זי וואָלט נישט געווען דאָס ווייב פון דעם באַרימטן וואלקין, וואָלט זי אַליין געווען אַ באַרימטקייט. אַזוי האָט זי זיך קלענער געמאַכט צוליב אים. אירע אַקסלען אונטערגעשטעלט, ער זאָל קענען אַרויפקלעטערן און גרויס ווערן.

אין וואָכעדיקע טעג איז וואלקין געזעסן ביי זיך אין סטודיע, געאַרבעט און געפּאַטשט ליזאַ'ן איבער די באַקן, אויף שפּאַס. אַלע מאָל געזאָגט: „ליזעטשקע, זע, ווי אונ־זער אַרבעט וואַקסט"... און איר אויף שפּאַס אַ פּאַטש געטאָן אין די באַקן, אין די פּלייצעס, אויף די קניען.

ליזאַ איז געזעסן ביים העפט און געשריבן, און געלאָפן צום טעפּל, וואָס האָט זיך געקאָכט הינטער'ן יאַפּאַנישן ווענטל, וואָס האָט פאַרשטעלט דאָס שטיקל צימערל, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פאַר אַ קיך; האָט געשלעפּט וואַסער פון הינטערשטן שטאָק, ווייל אויבן איז קיין וואַסערלייטונג נישט געווען; האָט באַדינט וואלקינ'ס געסט, וועלכע פלעגן

כסדר אים אויסרעדן פאר זיינע ארבעטן, קרימען מיט די נעז, אָנרירן די „פארבאַטענע ערטער" ביי די ווייבלאַכע פיגורן און זיך חכמה'נען, אז מער ווי דאָס קען ער נישט. אָנשפּייען, אָנרויכערן, אָפּעסן, אָפּטאַנצן און אוועקגיין.

פרייע קינסטלער האָבן נישט קיין פליכטן. ווי זיי געפעלט, אזוי טוען זיי. פריפּט אָבער טאָן ביי ז י י אין סטודיע, ווי א י י ך געפעלט, וועלן זיי אייך רופן „חזירים"...

די וואלקינ'ס זענען געווען אָרים, האָבן נישט געהאט קיין זין און קיין באַדערפניש פאר געלט אָדער באַקוועמ־ליכקייט.ביידע האָרעפּאַשניקעס, פארנומען מיט „קריכן אויף דעם לייטער צום הימל", האָבן זיי נישט באַמערקט, ווי די האָר ווערן דערוויייל גרויער, דער געדאַנק ווערט מי־דער, די האַנט שוועדער...

ליזא איז געווען וואלקינ'ס מאָדעל, ערשטנס דערפאר, ווייל ער האָט נישט געהאט קיין געלט צו דינגען פּראָפעסיאָ־נעלע מאָדעלן, און צווייטנס דערפאר, ווייל די „געטינס", וואָס ער האָט געמאַכט, זענען נישט געווען קיין גרויסע שיינקייטן. זייערע קערפּערס זענען געווען שווער, ערדיש, אָפּגעאַרבעט, גראָטעסק, אויסגעקרימט.

זיין פּאָעזיע איז געווען די פּאָעזיע פון וואָכעדיקייט. א האַנט, א פוס — גאָט'ס מייסטערשאַפט. א שיינער פוס, א מיאוס'ער פוס, וואָס איז דער חילוק? שטעכט אין אים אריין א נאָדל, גייט בלוט. גאָט'ס וואונ־דער!

ליזא זיצט אַ נאַקעטע, אָפּטמאָל אין אַן אומבאַקוועמער פּאָזע. אין סטודיע איז קיל. א קליין קוילן־אייוועלע שטינקט און וואַרימט נישט. פון דרויסן קלינגט אריין ס'ווידערקול פון א ראַשיקער גאַס, פון טראַמוויייען, פון פייער־לעשער, פון מענטשן, וואָס לויפן משוגענערווייז — יעדער נאָך זיין צעבערל גליק, און דער שוים שטייט אויף די ליפּן, די הענט זענען פארקרימט. די קניעס און עלנבויגן־

שפּיצן זענען אָנגעשלאָגן מיט טשוועקעס, מ׳זאָל חלילה נישט געשעדיקט ווערן אין גרויסן געדרענג נאָך גליק.

אַמאָל פלעגט דאָס גליק אַליין קומען, א שטילס, א פאַר־שעמטס, זיך שטעלן אין א ווינקל, און מ׳פלעגט עס נישט הערן און נישט זען.

היינט שלעפּן מיר עס ביי די הערנער, שטופּן עס אונטער ביים עק, שלאָגן עס מיט בייטשלאָך.

— מיין גליק איז שוין אביסל אויסגעריבן. כ׳דאַרף שוין א ניי גליק!

— איז׳ס אמת, אז אייער גליק האָט פאַרלוירן א פּאָדקאָווע?

— אָן אַלט גליק ביי אייך! פון וועלכן יאָר?...

דאָס גליקזוכעניש איז היינט עפּעס אַזוינס! מ׳זוכט עס בציבור: אין טעאַטער, אין דער אָפּערא, אין צירק, אין די וואַרימבעדער...

קליין, באַשיידן, אַלטמאָדיש גליק! ווי גוט איז דיר וואָס דו דאַרפסט די היינטיקע צייט נישט אָנקוקן!



# ליזאַ.

אז וואלקין קוקט אויף זיין נאַקעטער ליזא, טראַכט ער נישט, „ווי קאַלט איר מוז נעבאַך זיין". נאָר: „מיין „הגר" וועט זיין אַ ווערק!... ביז אין דער אייביקייט אריין וועט עס אַריינקלינגען!"...

און ליזא זיצט דערווייל נישט ליידיק. אויף איר נאַקעטער קני ליגט אַ העפט, זי שרייבט.

זי באַשרייבט, וואָס ער טראַכט...

ווי צוויי קאַניבאַלן, וואָס עסן זיך איינס ס'אַנדער אויף: ער לעבט אויף איר לייב, זי — אויף זיין גייסט.

מאָרד פאַר מאָרד!

— ליזעטשקע, די זופּ לויפט... פאַרגעס נישט אַ פּעטרישקעלע, ליזעטשקע!

וואלקין גיט איר אַ פּאַטש אין דעם נאַקעטן הינטער־לייב. ליזא לאָזט אַראָפּ דעם העפט, לויפט צו אירע פּליכטן אין דער באַלעבאַטישקייט.

וואלקין רוט זיך דערווייל אָפּ. פאַררויכערט זיך אַ ליולקע. אז ער דערזעט ליזא'ס העפט אויף דר'ערד, הויבט ער אים אויף, ווי ער ליגט מיט די צעעפנטע לעצט־געשריי־בענע בלעטלאַך, און ער לייענט:

„דאָס פענצטערל צו זיין לעבן האָב איך גענעפנט, פרימאָרגן־פרישקייט אריינגעלאָזט. זיך אונטערגעקוקט צו דער מיאוסקייט פון אוינן, וואָס שלאָפן, און וואַך געוועז פאַר זיי.

זיין מוט איז מיר אין די גלידער אריין, ווי ווייַן. אָבער אז ער וועט שיכור זיין, וועט דאָס זיין אי ך...

איך האַלט די קניפּן פון זיינע חלומות, קען זיי פאַר־נאַנדערלאָזן, זיי מאַכן פאַר נאַרישע ווארהייטן...

ווי הנר, בין איך טריי מיין האר. איך צאָל מער, ווי ס'קומט. אָבער יעדע זאַך האָט די ווערט אַקוראַט אַזויפיל, ווי מען צאָלט פאַר איר".

וואלקין האָט אריינגעשמייכלט אין זיינע שאַרפע, לאַנגע ליניעס ביי די מויל־ווינקלען, געגעבן אַ פּאָר געטרייע צי אין דער פאַררויכערטער ליולקע, צוריקגעלייגט דעם העפט אויף דר'ערד, וואו ער האָט אים געפונען, און אַ געשריי געטאָן אויף זיין הויך קול:

— ליזעטשקע — פאַרגעס נישט ס'פּעטרישקעלע אין דער זופּ!...



# משיח קומט. משיח פאַלט!

די מאַשין איז אַזוי לאַנג נישט געקומען און נישט גע־קומען און נישט געקומען, ביז זי איז פאָרט געקומען.

אריין. איז זי אין שטאָט־אריין דוקא דעמאָלט, ווען מ׳האָט זיך שוין מער נישט געהאַט גערעכנט אויף איר. ווען די שטעטלדיקע האָבן שוין געהאַט מבטל געמאַכט די גאַנצע זאַך מיט „דאַמף־שמאַמף כי לעולם חסדו" און מיט „סאַ משל מיט זיבן זעקלאַך באָרשט".

די מאַשין איז געקומען שוין טאַקע מיט אַן אמת׳ן דייטש, וועלכער איז געפאָרן אויף אַ „ביציקל" אין דער זייט פון דער מאַשין, אַלע מאָל אַראָפּ פון׳ם רעדל, עס קוים אונטערגעשטופּט און ווידער אַרויף. דער נעמלאַכער נייער דייטש האָט געפלוכט מיט זייער־לאַנגע דייטשע פלוכ־ווערטער: „קרייצשאָק־מיליאָן־בליצהאַגעל־דאָנערוועטער נאַכאַמאַהל!!" די מאַשין האָט געדרענעט, געפּאָכעט מיט דער נשמה. צוויי געזונטע גוים האָבן זי אונטערגעשטופּט מיט קלעצער און האָבן געמאַכט „האָפּ", און געשפּיגן אין די הענט אריין. די גוים האָבן, ווי זייער טבע איז, פאַר־שווענדט מער כח אויף שפּייען אין די הענט אריין, ווי אויף אונטערשטופּן די מאַשין, וואָס איז געווען „נוטה למות". דאָס שפּייען אין די הענט אַריין איז ביי זיי געווען דער עיקר. די אַרבעט אַליין איז געווען אַ ביי־זאַך. דער דייטש האָט אַרויסגעלאָזן זיינע זייער־לאַנגע קללות, אַראָפּ פון׳ם „ביציקל" און אַרויף אויפ׳ן „ביציקל". גע׳טענה׳ט, אַז דער דאַמף איז שוואַך, גערעדט צו די גוים אויף דייטש. די גוים האָבן געזאָגט: „דאַמפּויעט, דאַמפּויעט", און דער דייטש האָט געשריגן: „סאַקראַמענטאַ" און באַסאַמאַ... און

קרייצשאָקמיליאָנבליצהאַגעלדאָנערוועטערנאָכאַמאָהל !״ דער עלטערער גוי, וואָס האָט אַמאָל געדינט אין מיליטער און זיך געלערנט דייטש, האָט געוויזן מיט אַ פינגער צום הימל און געזאָגט: „וואָגעל וואָליאָק״ — וואָס דאָס האָט באַדאַרפט מיינען „דער פאָגעל פלאָג״ — דער פויגל איז, הייסט דאָס, געפלויגן... וואָס געפלויגן? ווער געפלויגן? וואָס פאַר אַ פויגל, צום גוטן יאָר? — האָט דער גוי אַליין נישט גע־וואוסט. ער האָט עס גלאַט אַזוי געזאָגט, כדי צו באַווייזן דעם דייטש, אַז ס׳איז נישט געפערלאַך... ער דאַרף זיך נישט אַזוי איבערנעמען מיט זיין דייטשן לשון...

ס׳איז געווען דאָנערשטיק פאַרנאַכט נאָכ׳ן יאַריד. די „לעדערניקעס״ און דער „מאַזשער״ און דער „צוקערבע־קער״, און דער איד מיט די מעסערס, אויף וועלכע מ׳וואַרפט רינגען און מ׳געווינט אַ בייטעלע — אַלע זענען שוין געווען אַוועק. אויפ׳ן מאַרק זענען נאָך געבליבן אַ פּאָר בלינ־דע בעטלער מיט „ליאַרעס״. זיי האָבן געדרייט די „קאַרבעס״ און געזונגען אומעטיקלאַכע לידער:

„אוי־ווי איז מיר, אַ בלינדער בין איך,
אַ בלינדער בין איך, אוי־ווי איז מיר.
אוי־ווי איז מיר, איך האָב נישט קיין אויגן!
איך האָב נישט קיין אויגן, אוי־ווי איז מיר״.

און אויף דער אַנדערער זייט מאַרק, לעבן די קראָמען פון טעפּ און נייע, ווייסע מילטערס און צעבערס און שטע־לעבלאַך מיט געבעקס, איז געזעסן אַן אַנדערער בעטלער, אויך מיט אַ „ליאַרע״, געדרייט די „קאַרבע״ און געזונגען, נאָך מיט מער אומעט און געוויין:

„איך האָב נישט קיין היים, און איך האָב נישט
קיין פריינט,
געבוירן פון שטיין, אַ שטיין איז מיין בעט״.

„געבזשע״ איז היינט געווען שטאַרק אויפגעלייגט.

מ׳האָט פון די אַרומיקע דערפער געבראַכט אַ סך פערד צום פּריצ׳ס „אָגער״. האָט דער פּריץ גוט פאַרדינט ביי דעם. געלאָזט ווייב און קינדער מיטהעלפן ביי דער „אַרבעט״, כדי ס׳זאָל זיין שנעלער, געפּאַטשט געבזשע׳ן אויף די פּלייצעס און געזאָגט צווישן באָרד און וואָנצעס:

— אַ מענטש וואָלט דאָס שוין נישט געקענט!...

געבזשע איז געווען אָנגעזעטיקט מיט׳ן געפיל פון גו־טער, נוצלאַכער אַרבעט, און אַ גרויס צופרידנקייט מיט זיך אַליין האָט אים געטריבן אין מאַרק אַריין צו די בעטלערס, צו די סעריכעס — מאַכן אַביסל קאַטאָוועס.

געבזשע האָט גערעדט אידיש ווי אַ גוי, און גוי׳עש פול מיט אידישע ווערטער. די „ריש״ איז ביי אים געווען אַ האַרטע, ווי ער וואָלט געריבן שטיינדלאַך אין האַלז. ער איז געווען רויט און פאַרפרייליכט, און די לאַצן פונ׳ם קאַ־מיזויל זענען ביי אים געווען אויפגעפויגלט...

נאָכ׳ן יאַריד פלעגט „געבזשע״ גיין פאַברייננגען אַביסל מיט די בעטלערס און מיט די זיצערקעס, פלעגט זיי געבן שיינע נדבות און צוריק צו׳גנב׳ענען פון די הילצערנע טעלער אַרויס. אַמאָל פלעגט ער נאָך עפּעס פאַרדינען דאַביי...

צווישן די צוויי געווייינען פון די בעטלערס האָט זיך דורכגעטראָגן געבזשעס חוזק׳עריי. ער האָט געטראָגן אַ גראָבע פאַלקע אין דער האַנט, האָט געהאַט אַראָפּגעהאַנגען איבער זיין גרין־טוכענעם קאַמיזויל אַ בלייען פּייפעלע, און ער האָט גערויכערט אַ לאַנגן, 2־גרייצערדיקן פּאַפּיראָס, וועלכע אַנדערע אידן עפענען געווייינטלאַך פאַנאַנדער און מאַכן דערפון אַ 10—8 קליינע, באַלעבאַטישע ציגאַרלאַך.

קליינע אינגלאַך זענען אַרומגעגאַנגען איבער׳ן מאַרק און געזוכט שפּילקעלאַך, און „נישיניע״, און אַ טייל האָבן אפילו גערעדט פון גרייצערס אויך.

— „פאַרדרייאָרן האָט דאָ אַ גוי פאַרלוירן אַ רייי־ניש!״, — האָט געזאָגט אַ אינגל מיט פאַר׳חלום׳טע, וויי־

נענדיקע אויגן, געוויזן אויפ׳ן אָרט, וואו מ׳זאָגט, אז א גוי האָט פאַרדרייייאָרן פאַרלוירן א רייניש... אַלע אינגלאַך האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום אים, געקוקט פאַר׳חידוש׳ט אויף דעם שטיקל ערד, וואָס אַמאָל, אַמאָל האָט עמיצער אויף אים פאַרלוירן אַ רייניש, אויפגעקאָפּעט די ערד מיט די פיס־פינגער פון זייערע באָרוויסע פיס און נישט געקענט זיך אָפּרייסן פון אָרט.

געבזשע, דער עקאָנאָם, האָט דערוויייל פאַרפירט אַ שמועס מיט דעם בלינדן בעטלער, ווען ער האָט אריינגעוואָרפן אין טעלער אריין אַ צינערן קנעפּל און ארויסגענומען אַ גרייצער, גערעדט מיט אים וועגן פּאַן־בוג... „נאַש פּאַן־בוג, וואַש פּאַן־בוג ווּשיסקאַ יעדנאָ... אַלץ איינס״... און „אנטליי מיר״, מאַכט ער, „די ליאָרע... איך וויל עפּעס שפּילן״.

דער גוי האָט אַראָפּגענומען דאָס שטריקל פון איבער די אַקסלען, איבערגעגעבן דעם אידן די ליאָרע און אַליין געקוקט אין הימל אריין מיט פאַרבעלמעטע אויגן, און געשמייכלט מיט געלע, פאַרבעלמעטע ציין...

געבזשע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דר׳ערד, אָנגעטאָן אויף זיך די „ליאָרע״, זיך אויסגעהוסט, זיך איבערגעקערט די אויגן־דעקלאַך און גענומען זינגען אויף אידיש, מיט׳ן זעלבן טרויעריקן ניגון, כמעט ווי די בעטלער:

„א ליסקע פון אַ פיש
טרינק זיך אין טייך;
שימעלע שוסטער
קען נישט גיין גלייך״...

אינגלאַך האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום אים און גע־פּאַטשט מיט די הענט, און געבעטן נאָך: „זינגט נאָך עפּעס ר׳ פּאַני געבזשע, זינגט נאָך עפּעס... איר זאָלט אַזוי זיין געזונט״.

דערוואַקסענע אידן זענען געבליבען שטיין, אויסגעשפּיגן, געזאָגט: „צו זיינע הענט און פיס; צו זיין לייב און לעבן״.

זיצערקעס האָבן אָפּגעוויקלט די שאָלן פון די אויערן, אָדער פאַרשאַרט די וואָלענע טיכלאַך, זיך איינגעהערט און גע־זאָגט אויף זייער לשון:

— „האָרצע־פּאָרצע!”

אָדער:

— נאַדיר גאָר און מאַך מיר גוט!

— ’טאָסטו דיר אין מיטן דאַרינצען!

— אַ נייער משוגענער!

געבזשע האָט חוזק’דיק אויסגעשטרעקט די האַנט, כלומר’שט געבעטן אַ נדבה, זיך ווידער „איבערגעקערט” די אויגן, אָנגעהויבן דרייען די „קאָרבע” און זינגען:

„אַ ליסקע פון אַ פיש
זעקס גראַהצער שטראָף,
גיטעל די שוחט’קע
טון פאַר... אין שלאָף”

די אינגלאַך האָבן געלאַכט. דער בלינדער בעטלער מיט די פאַרבעלמעטע אויגן איז געוואָרן בייז, גענומען דעם שטעקן און זיך אַליין אַ זעץ־געטאָן אין פוס אַריין, פון וואָס ער האָט גענומען קוויטשען און וויינען מיט בלינדע אויגן.

געבזשע האָט אים צוריקגעגעבן די „ליאָרע”, אים אויסגעווישט מיט אַ שטיקל געפונען פּאַפּיר די בלינדע אויגן און געזאָגט:

— וויין נישט, לעבטיקער פאַרשוין מיינער...

אין מערב־זייט האָט זיך, ווי שטענדיק געזעצט די זון. אַ קילער ווינט האָט צענויפגעזוכט די אָנגעגליטע זון־רייפן.

צעפּוסנס פון’ם באַרג האָט געזונגען דער טייכפּידל, דער גרינער סאַמעט האָט זיך געבראָנזט, געשוואַרצט... איבערגעגאַנגען פון טאָג־שיינקייט צו נאַכט־אומעט. קליינע, איבערגעבליבענע שטרויעלאַך האָבן זיך געדרייט אין אַ פויל ווירבל. ווען עמיצער זאָל קענען אַריינוואַרפן אַ מעסער

אין סאַמע מיטן וויכער, וואָלט גענאַנגען בלוט — דער נישט־גוטער וואָלט געלעגן אַ געקווילעטער...

אָבער קיינער קען נישט אַריינטרעפן אַקוראַט אין סאַמע מיטן וויכער... דערפאַר גייען שדים אַרום אויף דער וועלט, פירן נישט־באַוואַכטע כלות אַראָפּ פון׳ם וועג, אין דער חתונה־נאַכט... מאַכן, אַז אַ קליין וואַסערל זאָל ווערן גע־פערלאַך טיף, און ווער ס׳דאַרף אַריבערגיין, זאָל זיך דער־טרינקען...

נעבזשעס׳ם אויער איז געווען שאַרף (ער האָט עס אָפט גענוצט אין וואַלד, צו דערהערן ס׳בילן פון די יאַגד־הינט), האָט ער דער ערשטער דערהערט עפּעס אַ מין פייפעדיק־כראָפּן פון אונטער׳ן שטאָט, און אַ געשריי געטאָן: „די מאַשין!״, און גענומען לויפן צום „ווינער וועג״. די אינג־לאַך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן נאָך אים. נאָך זיי זענען צומערשטן סקליאַרנע, דערנאָכדעם שוין אַביסל איילנדיקער, נאָכגעלאָפן דערוואַקסענע אידן און אַ פּאָר גוים. דאָס נאַנצע מאַרק איז געלאָפן. אַ זיצערקע, וואָס האָט געהאַט געקויפט ביי אַ גוי צוויי קאַטשקעס, האָט געכאַפּט ביידע קאַטשקעס אונטער די אָרעמס און דאָס קויבערל באַרן אין די הענט אַריין און איז געלאָפן...

דער בלינדער בעטלער מיט די פאַרבעלמעטע אויגן, און מיט דער „ליאָרע״ אויף זיך, האָט געכאַפּט דעם שטעקן און גענומען קלאַפּן איבער די שטיינער און פאַלן... און זיך אויפהויבן און ווייטער לויפן...

דער בעמלער, וואָס איז „עלנד ווי אַ שטיין״, האָט אויף גיך אַריינגעשאָטן אין קעשענע ס׳טעלערל מיט פאַר־דינסט, האָט גענומען לויפן גלייך הינטער׳ן בלינדן, און אים, ווי נישט־אומיסנע, אונטערשטעלן אַ פוס, ער זאָל פאַלן... דער דריטער בעטלער האָט זיך געראַטשקעוועט אויף אַלע פיר, מיט אַזוינע קלעצלאַך, און געהיפּעט ווי אַ זשאַבע...

דער לעצטער קויפער אויפ׳ן מאַרק — אַ גוי, מיט פלאַקסענע וואָנצעס און אַן אויפגעשטעלט רויט היטל, וואָס

איז געשטאַנען ביים „באָקל־סוחר" און זיך גערונגען וועגן א געטל, האָט אַ וואָרף געטאָן דעם „גאָט" פון זיך און גענומען לויפן... דער „גאָט" האָט אין פאַלן זיך אָפּגע־ליסטשעט אַ שטיקל נאָז. דער פּאָליאַק, וואָס פאַרקויפט די „באָקלאַך", האָט אַ צעקאָכטער אויפגעהויבן דעם קאַ־ליעטשעטן גאָט ביי די פיס, געפּאָכעט מיט אים אין דער לופטן, געשריגן „פּשאַ־קרעוו" און „טי הונדס'וואַט!" דער־נאָך האָט ער דאָס שטיקל אָפּגעבראָכענע נאָז פאַרזיכטיק אריינגעלייגט אין אַ שטיקל פּאַפּיר און באַהאַלטן. איינגע־פּאַקט דאָס שטעלכל, אריינגערוקט די געטלאַך אין די שופלעדער אריין און אויך גענומען לויפן.

ס'האָט געדויערט אפשר 10 מינוט, האָט זיך איבער'ן גאַנצן שטעטל צעטראָגן די ווילדע בשורה: „מאַשין", און ס'איז געווען: ווי משיח וואָלט מיט אַמאָל אָנגעקומען, און אַלע זענען אים אַנטקעגנגעלאָפן...

---

## שטרויכלונגען.

אויפ'ן „ווינער וועג", נאָך אַ היבש שטיקל פאַר „ערב", האָט די „מאַשין" געמאַכט קונצן, זיך איבערגענומען... גע־בריפּעט און געפּייפּט... דער „דרייטש" האָט געשאָלטן מיט זייער לאַנגע קללות, איז אַרויף אויפ'ן „ביציקל" און איז אַראָפּ פונ'ם „ביציקל"... געוויזן דעם מענטשן ביים „דרייער", ער זאָל דרייען אַהין און נישט אַהער... דערביי האָט ער אַליין אַ דריי געטאָן מיט'ן הענטל פון זיין „בי־ציקל", און ער איז אריין אין אַ פּאַסע און זיך שיער נישט געעפנט דעם קאָפּ...

ער איז אַרויס מיט אַ „סאַקראַמענטאָ!" און מיט אַ „באַסאַמאַ", געשריגן אויף די גוים, וואָס האָבן געשפּיגן אין די הענט אריין, און געהאָלפן אונטערשטופּן... ביידע גוים

האָבן געמאַכט „האָפּ" און גע'טענה'ט, אז: „טרעבאַ בולאַ ליעפּשע דאַמפּאָוואַטי!". דער דייטש האָט נישט פאַר־שטאַנען; די אידן האָבן געלאַכט, אויך געמאַכט „האָפּ" און אונטערגעשטופּט מיט די שפּיץ פינגער, אזוי לאַנג און אזוי ברייט, ביז די מאַשין איז אריין אין א „פּאָסע", ארויס־געטלימעט דעם מענטשן, וואָס האָט געקירעוועט ס'רעדל, שיער דער'הרג'עט די צוויי גוים... איבערגעשראָקן אויף טויט אַלע אידן, דערלאַנגט א לעצטן פייף־אָפּ און — אוים!

---

## משיח-עפּילאָג.

אז איר וועט אַמאָל פאַרבייפאָרן אונזער שטעטל, שטעלט זיך אָפּ א פערטל תחום־שבת פ א ר ' ן „ערב", אויפ'ן „ווינער וועג" לעבן דער ראָגאַטקע, זוכט אין דער „פּאָסע", רעכטס, נישט ווייט פון דער קופּע שטיינער, וועט איר דאָרט געפינען אַלטע שרייפלאַך און רעדלאַך און אַלערליי פאַרזשאַווערטע שטיקלאַך אייזן, וואָס צעפאַלן אונטער די הענט — און א גרויסע, צעלעבערטע „מאַהיניע". דאָס איז אונזער „מאַשין", אונזער „משיח", וואָס איז געגאַנגען און געגאַנגען פון ווין און איז סוף־כל־סוף דערגאַנגען, און איז פאָרט נישט דערגאַנגען...

מיט פאַרביטערונג און צעשטערטע האָפנונגען זענען פול די וועגן פון משיח'ן!...

* * *

## „ביג זעליג"

זעליג איז א רעפּאָרטער אין א אידישער צייטונג. אָנגעהויבן האָט ער זיין קאַריערע ווי א שיק־אינגל.

דער פעטער זיינער, דער „רויטער שימען״, איז געווען דער רעדאקטאָר־ארויסגעבער. ער האָט „ארויסגעגעבן״ און גע־שריבן, און זיך געבייזערט אויף די מיטארבעטער, אַז זיי עסן אים אויף מיט די האָנאָראַרן זייערע. האָנאָראַרן גאָר!... ס'איז גענוג האָנאָר, אַז מ'דרוקט זיך אין זיין צייטונג, וועלכע פאַשפרייט דעם אידישן געדאַנק.

וואָס איז אַזוינס „דער אידישער געדאַנק״ איז געווען שווער אויסצוגעפינען פון דעם „רויטן שימען'ס״ צייטונג, און נאָך ווינציקער פון פּה־אל־פּה שמועס'ן מיט דעם פריק־רען אידן, וואָס האָט געשפריצט מיט'ן מויל, בעת ער האָט גערעדט, אייך פאַרשטעלט דעם וועג אין דער ברייט, איךָ זאָלט נישט קענען גיין ווייטער.

דער „רויטער שימען״ איז, ווי אַ לאָקאָמאָטיוו, וואָס דאַמפט און פייפט און רירט זיך נישט פון אָרט. זיין כח איז דער כח פון אַ פּראָסטער, שווערער מאַשין, וואָס מ'נוצט זי אויף אויספלאַכן אַ וועג... די גאַנצע קונץ פון דער מאַשין באַשטייט אין דעם, וואָס זי איז מורא'דיק שווער...

דער „רויטער שימען״ איז שווער ווי בליי. ער פאַר־האַלט, קוועטשט־צו, שטעלט־אָפּ, פאַרפּלאַכט...

דער „רויטען שימען״ פאַרשפּרייט דעם אידישן גע־דאַנק, ווי אַ שאָף פאַרשפּרייט איר אָפּפאַל. וואו ער גייט, רעדט ער וועגן דעם „אידישן געדאַנק״ (דער „אידישער גע־דאַנק״ איז, לויט זיין מיינונג, דער געדאַנק, אַז אַלע אידן דאַרפן לייענען זיין צייטונג). און ער גיט אייך זיין צייַ־טונג, און ער ווייזט אייך זיין לייט־אַרטיקל. און ער לייענט אייך אליין פויר די ערשטע פּאָר שורות, און ער טרעט נישט אָפּ, ביז וואַנענט איר לייענט אַליין נישט איבער די איבע־ריקע שורות פון דעם חנ'עוודיקן לייט־אַרטיקל, וואָס ענדיקט זיך געווייינטלאָך מיט די ווערטער: „אָבער, צי ס'איז פאַראַן אַן ענטפער אויף דער פראַגע, דאָס איז שווער צו זאָגן... לאָמירָ וואַרטן און האָפן...״

צו וואָס דער „רויטער שימען“ האָט געדאַרפט אָפּ־מוטשן זיינע לעזער מיט אַזאַ שווערן אַרטיקל, כדי אויס־צופירן, אַז „ס'איז שווער צו זאָגן“, איז... טאַקע שווער צו זאָגן.



# דער רעדאַקטאָר.

דער „רויטער שימען" האָט געבויט זיין צייטונג אויף זיין אייגענעם געשמאַק. אַליין איינער פון די פּראָסטינקע און גרויאינקע, אַ „קינד פונ'ם פאָלק" — איז אים געווען גרינג צוצוטרעפן דעם געשמאַק פון זיינע לעזער. איך קען אַן אַנדערן אידישן רעדאַקטאָר, וואָס איז זיך נוהג, וויבאַלד מ'ברייננגט אים אַריין אַ ליד, אָדער אַ נאָוועלע, אָדער אפילו אַ פּובליציסטישן אַרטיקל, רופט ער אריין דעם „לאָבוז פון רעדאַקציע", א הויכער, נאַרישער יונג, מיט א וואַסערקאָפּ, און לייענט עס אים פאָר. אויב דער „לאָבוז" פאַרשטייט יעדעס וואָרט, איז — אַ סימן, אַז ס'פאָלק וועט עס אויך פאַרשטיין. אלא נישט, מוז נעבאַך דער באַליידיקטער און געקריינקטער שריפטשטעלער צוריק אַרומבינדן זיין סחורה מיט א גומינדל און גיין ווייטער.

דער נעמליכער רעדאַקטאָר האָט ליב אַליין צו „אַנטדעקן" זיינע טאַלאַנטן. איז אַזוי: אויב איר לאָזט זיך פון אים אַנטדעקן, איז נאָך נישקשה, מעגט איר אפילו האָבן טאַלאַנט אויך, איז ער אויף אייך נישט בייז... אבי איר שרייבט פאַר אים אַזוי, ווי ער וויל... קוים אָבער זענט איר שוין אַן „אַנטדעקטער", איז ביטער ווי גאַל... פאַראַן בלויז איין רפואה: זיך צו לאָזן נאָכאַמאָל אַנטדעקן פון א י ם, זאָל לעבן!... אין אַזא פאַל שמד'ט ער אייך אָפּ... גיט אייך אַ נייעם נאָמען. אויב איר האָט, למשל, שוין געשריבן א סך יאָרן און איר זענט באַקאַנט אויף אַ האַלבער וועלט אונטער'ן נאָמען „עפּעלשטיין", בייט ער אייך איבער דעם נאָמען אויף ג. האָצע, אָדער ד. פּלאָצע. און אריינגעמען נעמט מען אייך אריין שטיל... מ'שמירט אייך צומערשט אָן מיט פּוטער, און אַז קיינער זעט נישט, גיט מען אייך אַ

שלעפּ אַריין דורכ'ן פענצטער... מ'וואַשט אייך אַרום די ריינקייט... מ'באַשפּריצט אייך מיט אַביסל „בלאָטע" (דאָס איז דער „הערב" !, מ'זאָגט אייך אָן למ"ה, איר זאָלט קוקן קאַסאָקע אויף אַלצדינג... נישט זאָגן דאָס, וואָס איר מיינט, נישט מיינען דאָס, וואָס איר זאָגט. און דאָס ביסל, וואָס איר זאָגט יאָ, זאָלט איר זאָגן נישט מיט אייער אייגענעם צונג, נאָר מיט דעם צונג פון „פאָלק", דאָס הייסט: פונ'ם לאָבוז...

דער רעדאַקטאָר אַליין האָט אַמאָל געהאַט אַביסל טאַלאַנט און אַ סך זיצפלייש. ער האָט געקענט צוקלעפּן זיין אויער צום שליסל־לאָך פון לעבן און... זיך אונטערהערן. ער איז געווען נישט קיין לעבנס־קינסטלער, נאָר אַ לעבנס־שפּי־אָן, האָט געפּאַרשט ביי דעם אָרימען לעבן. געשנאַפּט, עס אַרומגעטאַפּט, זיך געביוועט אין זיינע טיפעניש, ווי אַ מויז אין קעלער פון אַ פאַרלאָזן הויז זוכט אַ ליכטל... אויפצור־פרעסן עס...

ער האָט געגעסן זיין טרייפן ליכטל — אַנשטאָט אָנ־צוצינדן עס! ער האָט זיך געשעמט אויסזאָגן (אפילו זיך אַליין), אַז אַ ליכט איז נישט... צום עסן... מיט דער צייט אָבער האָט ער זיך צוגעוואוינט דאָצו. אויף צו להכעיס זיך אַליין און אַנדערע עסט ער איצט ביילעוועגע ליכט. אַמאָל איז דאָס ליכטל געמאַכט פון זיין אייגן נשמה־פעטס... עס טוט ווי אַרויסצורייסן פון זיך דאָס שטיקל נשמה און אָפּטאָפּיען ס'ביסל פעטס... אָבער וואָס טוט נישט דער מענטש ווען ער איז הונגעריק — נאָך ברויט, נאָך ליבע, נאָך רום?

בערגער, איינער פון שימענ'ס גבאים, פּסק'נט שאלות פאַר די אָרימע און דערשלאָגענע. „ליבער הער רעדאַקטאָר", קומט געוויינטלאַך אַ ווייבל מיט אַ „צעבראָכענער קני", צו איר רעדאַקטאָר, „וואָס טוט מען? מיין מאַן ליבט מיך נישט? איך אַליין בין יונג און ליידנשאַפטלאַך און פול מיט לעבנס־לוסט, אָבער ער קריכט צו אַנדערע... נישט איין מאָל, ווער־

טער הער רעדאַקטאָר, איז מיר איינגעפאַלן אים אָפּצוטאָן אויף צו להכעיס און — טאָן ווי ער טוט... אָבער, ערשטנס, האָב איך נישט קיין מוט, און צווייטנס, וואָס ראַט איר מיר, ווערטער הער רעדאַקטאָר, זאָל איך?״

דער בריוו איז געשריבן אין דעם אומבאַהאָלפענעם נוסח פון דעם שרייבער פון יענער רעדאַקציע, וואָס האָט אויסגעטראַכט דעם ערשטן בריוו. דאָס פאָלק אַליין קען בעסער און ערלאַכער שרייבן. אָבער דער לעזער נעמט אָן, אַז מ׳דאַרף שרייבן אַקוראַט אַזוי, ווי מ׳האָט געוויזן דעם וועג.

מאַכן זיי נאָך דעם נודנעם סטיל, די אויסגעריבענע פראַזן, די „גלאַנצעוועטע״ ראָמאַנטיק, די צעפּאַרעטע עראָטיק.

דאָס בריוול, וואָס טראָגט מיט זיך אַזוי פיל האַרצ־פלאַטערנייש און דערוואַרטעניש, ווערט צווישן אַנדערע הונדערטער בריוו אויפגעלייגט אויפ׳ן שרייב־טיש פון קאָלעגע בערגער. בערגער איז אַ קליינער, אַ היפּעדיקער, ווי אַ וועוועריקע. טראָגט שטענדיק אַ גרויסן שטעקן און גע־לענגלטע האָר, און צעבלאָזענע שניפּסן. בערגער איז אַמאָל געווען אַ קאָלדרעניק, געקענט ערלאַך שטעפּן קאָלדרעס... פון שלינגען דעם שטויב פון וואַטע, און זיצן אין פינצטערע שעפּער פון עלען־סטריטער געוועלבן, איז ער קראַנק געוואָרן, געמוזט אויפגעבן די אַרבעט. איז ער אוועק אויף דער בויערי און זיך געלערנט ראַזירן... האָט ער אָבער אַ „שווערע האַנט״, און פלעגט צעבלוטיקן מענטשן. איינ־מאָל איז ער געשטאַנען אין דער „ראַזיר־אוניווערסיטעט״ און געראַזירט עפּעס אַ „טרעמפּ״ (טרעמפּס לאַקעמען זיך אין דעם, וואָס די ראַזיר־אוניווערסיטעטן רעכענען בלויז 5 סענט פאַר אָפּראַזירן, און פליוכען נאָך אַרויף אויפ׳ן פּנים אַ ביסל גרין וואַסער אָדער טלימען אַרויף אַ הייס האַנטוך!). אַז ער איז געקומען צו די וואָנצעס, באַדאַרפט אויפהויבן דעם טרעמפּ׳ס נאָז, מיט צוויי פינגער, כדי אָפּצעציען די הויט

און אויסראַזירן ביי די ווינקלען, האָט ער זיך דערווייל פאַר־טראַכט אויף זיין ביטער מזל... אויף זיין ווייב מיט די 4 קינדער, וואָס גייען נעבאַך אַרום קריע־בליע, און פון דעם גאָט אין הימל, צו וועלכן ער האָט אַזוי ערנסט געוויינט היינטיקן יום־כפור און געבעטן „סלח־לנו", שיק־צו עפּעס אַ גוטע פּרנסה'לע, אַ ביסעלע געזונט... אביסל אָפּרו פאַר די אָפּגעמוטשעטע הענט, וואָס האָבן יאָרנלאַנג געמאַכט קאָלד־רעם...

די בריטווע האָט זיך ווי אַ פינטעלע ביים סוף פּסוק אָפּגעשטעלט ביים ווינקל פון'ם טרעמפּס נאָז, געגעבן זיך אַן עס־אריין אין דער הויט, אינ'ם פלייש...

בערגער האָט זיך דערשראָקן, גענומען פליוכען אויפ'ן „טרעמפּ" אַלערליי וואַסערלאַך. רויט געמאַכט אַ פּאָר האַנטיכער... געטיפּלט מיט'ן האַלון־פּינזל... אָבער דאָס בלוט איז אַלץ גערונען און גערונען...

אַז דער טרעמפּ האָט דערזען, אַז מ'קען נישט איינ־שטילן זיין בלוט, האָט ער זיך אויפגעהויבן פונ'ם בענקל, געזאָגט: „נו — גוט!", זיך פאַרקאַטשעט די אַרבל, איז אַרויף מיטביידע פויסטן אויף דעם דערשראָקענעם בערגער און האָט אים שיער דער'הרג'עט...

דענסמאָלט האָט זיך בערגער צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן שטאַרק פאַרטראַכט איבער וועלט און זאַכן. ער איז אַוועק אין אַ ווינקל פון דער ראַזיר־שטוב, געקוקט אויף די „אָפּגעשוירענע שאָף", וואָס די סטודענטן פונ'ם ראַזיר־אוניווערסיטעט האָבן זיי אַרומגעליסטשעט מיט די מאַ־שינדלאַך... און זיי האָבן אויסגעזען קאַלט און נאַקעט און נאַריש...

בערגער האָט זיך געווישט די טרערן אין הינטערשטן צימער פון „אוניווערסיטעט"... געלייענט מיט אַ האַלב אויג דאָס אידישע בלאַט, וואָס ווערט געוויינטלאַך געלייענט אַזוינע ערטער. פּלוצים איז אים איינגעפאַלן: פאַרוואָס נישט שרייבן? כמעט אַלע ראַזירערס, וואָס ער קען, שרייבן

דאָרטן. וועט ער א ו י ך שרייבן. ער וועט שרייבן אַ בילד פון לעבן. ער וועט באַשרייבן אַן אמת'ע פּאַסירונג... טאַקע די מעשה מיט'ן „טרעמפּ”, און ווי אַזוי זיינע טרערן זענען געפאַלן אויף אַ בינטל גאָלדענע פרויען־לאָקן (אַ גאַסן־פרוי איז נישט לאַנג אַריינגעקומען און זיך געלאָזט פון אים אָפּשערן די האָר...), און ווי אַזוי אפילו אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט ווערט נישט פאַרשוויגן...

בערגער האָט טאַקע באַלד ארויסגענומען זיין פיל־פעדער. אָפּגעשפּריצט עטלאַכע טראָפּנס טינט, ווי אַ מין קרבן צום גאָט פון קונסט... אויפגעהערט צו וויינען און צו טאַפּן זיך דעם בלאָען סימן הינטער'ן לינקן אויג, און — ער האָט באַשריבן זיין לעבן, אַקוראַט ווי עס האָט פּאַסירט, נישט געמינערט א האָר...

פון דעמאָלט אָן איז בערגער געוואָרן אַ שטענדיקער מיטרבעטער.

צוערשט האָט ער געשריבן פון לעבן. קליינע, נישטיקע זאַכעלאַך — געזען מיט די הוילע אויגן און געטאַפּט מיט די הוילע הענט. — דאָס איז נישט געווען קונסט, אָבער עס האָט געהאַט דעם חן פון ערלאַכער מלאכה, דעם מענטשלאַכן גערוך פון שוויים...

שפּעטער האָט זיך בערגער פאַרפעסטיקט ווי אַ שפּין אויפ'ן קרוק פון אַ שטעקן, וואָס אַ מידער וואַנדראָווניק האָט אויף אַ ווײַלע אַוועקגעשטעלט לעבן אַ בוים און זיך געלייגט אָפּרוען.

דער פּריפשטיין פון א מענטשנ'ס כאַראַקטער איז: אויב ער ווערט מענטשלאַכער און בעסער, ווען זיין לעבן ווערט באַקוועמער און גרינגער — איז אַ סימן, אז ער איז אַ ריינער מענטש. אויב נישט — איז אַ סימן, אַז ער איז אַן אומריינער. דער ריינער מענטש איז שוואַך קעגן שוואַכערע פון זיך און שטאַרק קעגן שטאַרקערע. דער אומריינער איז פונקט פאַרקערט.

בערגער האָט דערפילט זיין נאַרישן כח, ווי אַ שווערד אויף די לענדן...

ער האָט גענומען פּאַכן — רעכטס און לינקס, און — אַלע זענען אים געגאַנגען אויסן וועג...



# דער פעטער פּאָרט אַוועק.

דער פעטער איז היינט געווען אביסל צעטראָגן. געטרונקען זיין קאווע שטייענדיקערהייט. פארבייגייענדיק דאָס פענצטער, וואו עס זענען געשטאַנען וואזאָנעס מיט רויטסאַמעטענע בלעטער, האָט ער אָפּגעריסן אַ שטיקל בלאַט, עס צוגעטראָגן צום מויל, זיך פארכאפּט און עס אוועקגעוואָרפן.

דערנאָך האָט ער עפּעס געזוכט אין זיין גרינעם קופערט מיט׳ן צעשפּאָלטענעם בויכיקן דעק. געפונען א בלאָען יעגערהוט, זיך אָנגעמאָסטן און מיך געפרעגט, צי עס איז שענער, ווי דער טוכענער הוט, וואָס ער טראָגט. איך האָב געפילט, ווי דער פעטער וואָלט מיר אַ גלעט געטאָן ס׳הארץ מיט זיין סאַמעטענער האנט און געזאָגט: „פעטער, איר זענט אינגאנצן אַ שיינער!" דער פעטער האָט געשמייכלט מיט זיינע אויגן, אין וועלכע עס זענען געווען אַ סך גרינע און ברוינע פינטעלאך... איז געבליבן זיצן מיט׳ן בלאָען יעגער־הוט אויף דער קני, זיך פארקוקט אויפ׳ן פענצטער, וואָס אַ שמעטערלינג האָט זיך אויפגעפלינלט, ווי אַ שטיק פלאַטערדיק צירונג... זיך צום סוף אויסגעקנאַקט איינציקוויים אַלע פינגער פון די הענט און מיך געפרעגט, צי איך האָב געלערנט שיר השירים.

איך האָב געזאָגט, אז יאָ, איך האָב געלערנט.

— וועלכן שיר השירים האָסטו געלערנט? — האָט מיך געפרעגט דער פעטער איציק, און מיט דער צונג באַנעצט זיינע שיינע, פולע ליפּן.

— וואָס הייסט ו ו ע ל כ ן? דעם אמת׳ן שיר השירים... שלמה המלך׳ס שיר השירים...

— מיר ווייסן, אז ס׳איז שלמה המלך׳ס, — מאכט דער

פעטער איציק מיט אַ דין ביסעלע חוזק אין קול, — כ׳מיין, ווער ט י י ט ש ט ד י ר א י י ן שיר השירים?

— וואָס הייסט ווער? דער רבי!

דער פעטער האָט צוגעשטעלט צום מויל אַ ברעג־נאָגל, זיך ווידער פאַרטראַכט און געזאָגט:

— אהא!

דערנאָך האָט מיך דער פעטער איציק אַוועקגעזעצט אויף זיין שפּיציקער קני, מיר אויסגעגרייזלט די שטיקלאַך פאות, מיר צערעכט געמאַכט ס׳שוואַרצע בענדל ביים קראַגן, וואָס האָט געדינט פאַר אַ קראַוואַט, געפרעגט, צי איך האָב מיר היינט אויסגעפּוצט די ציין, און דערנאָך האָט ער זיך אָפּגערופן:

— נאַרעניו... שיר השירים איז נישט דאָס, וואָס דו מיינסט...

איך האָב מיך שטאַרק פאַרשעמט, אָנגעהויבן שטאַמלען, רויט־ווערן, זיך פאַרענטפערן.

דער פעטער איציק האָט מיר געגלעט דעם קאָפּ, געזאָגט „נו־נו, ס׳איז נישט דיין שולד.. ס׳איז דער רבי דייטנער... מיט זיין משה מיט אהרונ׳ען... און מיט דער כנסת ישראל... און מיט די צוויי לוחות הברית... פינצטערניש... ס׳שטיקט... מ׳קען דאָ נישט כאַפּן דעם אָטעם...״

איך האָב געקוקט אויפ׳ן פעטער, וועלכער האָט זיך געטאַפּט ביים האַלז, ווי ס׳וואָלט טאַקע עפּעס געשטיקט... זיך אַרומגעקוקט צי ס׳סמאַליעט נישט עפּעס... געצויגן מיט דער נאָז, און דערנאָך זיך אָנגערופן:

— פעטער, אפשר איז דאָס דער סאַמאָוואַר?

דער פעטער האָט זיך צעלאַכט מיט אַן איידל, קינדיש געלעכטער, מיך אַראָפּגעלאָזט פון דער קני, מיר געזאָגט, אַז אַמאָל וועל איך אפשר פאַרשטיין, זיך ווידער אויסגעקנאַקט די פינגער, מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל געבן דעם פייגעלע, מיט די פישעלאַך, מיט דעם קאַנינכען גענוג צו עסן. צוגעריגלט די טיר, אַריינגעלייגט אין בוזים־טאַש אַ לעדער־

נעם רייסטער מיט פאפירן... מיר פארטרויעט זייער שטיל, אז איך זאל נישט גלויבן אלצדינג, וואס דער רבי זאגט... און אז אלצדינג האט א נשמה — אפילו א גוי... אפילו א קאנינכען...

— געדיינק־זשע, וואס מ'זאגט דיר! — האט ער געענדיקט. — אלצדינג האט א נשמה... אפילו א הונט... און פארגעס נישט, — מאכט ער — זיך פוצן אלע טאג די ציין.

דער פעטער האט מיר א קוש געטאן אויפ'ן שטערן. איך האב אים צוריק א קוש געטאן אין האנט. ער האט מיר געזאגט: „סערוואוס!", און איך האב אים געזאגט: „פארט געזונטערהייט, פעטער!" איך האב געוואלט צו זען אומיס־נע, צי ער וועט א קוש טאן די מזוזה.

ער האט עס נישט געטאן.

איך האב מיך א קליין ביסל געפרייט מיט דעם, וואס איך האב אזא שטארקן פעטער, „וואס האט נישט קיין מורא אפילו פון גאט אליין", און מיך האט באַנדעסטוועגן געערגערט, וואס ער מאכט עפעס אונזער גאט צו־גארנישט...

דער פעטער איציק איז אוועקגעפארן ערגעץ און מיר איבערגעגעבן צו היטן זיין פייגעלע, די דריי פישלאך און דאס „קאנינכען".

דאס פייגעלע האט געהאט א שטייגעלע. די פישעלאך האבן געהאט א גלעזערנע „קאלבע", אין וועלכער זיי זענען ארומגעשוואומען, און דאס „קאנינכען" האט מיר דער פעטער געהייסן ארייגלאזן אין „פאלשן בראטערעהר" פון אונזער אויוון. אויסבעטן מיט שטרוי אדער מיט היי, און זיי געבן צו עסן, וואס ער האט אנגעזאגט.

אז מיין מאמע האט דערזען, ווי איך פריי מיך מיט דעם פייגעלע, מיט'ן פישעלע, מיט'ן קאנינכען, האט זי גוטמוטיק געשמייכלט און געזאגט:

— מיין ברודערל אוים'ן אויג... ער וועט אויך אמאל צעברעכן הערצער...

און זי האָט מיר געהייסן אויפ׳הערן מוטשען ס׳פייגעלע, אויפהערן עס האַלטן אין דער זשמעניע און הויכן דארויף מיט׳ן אָטעם, און אים „לערנען פייפן ווי א שייגעצל!״

— „נישט אזוי האָט מען ליב!״ — האָט געזאָגט די מאַמע. „אז מען האָט ליב א זאַך, מוטשעט מען עס נישט״.

איך האָב געלאָזט דאָס ציטערדיקע, צאַפּלדיקע באַשע־פעניש זיך ארויסצאַפּלען פון מיינע הענט און זיך אריינ־צאַפּלען אין שטייגל אריין. נאָך פון גרויס צעטראָגנקייט האָב איך פארגעסן פארמאַכן ס׳טירל פון דער קלעטקע. דאָס פייגעלע האָט געגעבן א פלי ארויס, גענומען זיך שלאָגן דעם קאָפּ אין די פענצטער, כאָטש די טיר איז געשטאַנען אָפן. עס איז געווען צעטומלט פון דעם געפיל פון פרייקייט, נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך, זיך געקלאַפּט דעם קאָפּ אָן די שויבן, אָן דער סטעליע — געזוכט אַן ארויסגאַנג דורך די הארטע ווענט, בעת די אָפענע טיר האָט געשמייכלט, געוויזן, אז ס׳איז אזוי פּראָסט.

איך בין געלאָפן כאַפּן א ביסל זאַלץ, צו שיטן דעם פייגעלע אויפ׳ן עק, כדי איך זאָל עס קענען כאַפּן. איך האָב אָנגענומען א פולע האַנט מיט זאַלץ און געוואָרפן אין דער לופטן. „וואָס טוסטו?״, האָט געפרעגט די באָבע, וואָס איז אָנגעלאָפן אויף דעם גערודער. „וואָס וואַרפסטו זיך מיט זאַלץ? האָסט צופיל זאַלץ? וואַרף בעסער ס׳היטל, וועסטו אפשר כאַפּן דעם „פויגל״ דיינעם... אז נישט, טרייב איר בע־סער ארויס דורך דער טיר — דעם „פויגל״ דיינעם... איך האָב ווייניק חיות און עופות... דאַרף איך נאָך האָבן איציקל׳ס „פויגל״ אויכעט...״

די באָבע האָט זיך „געשאָלטן מיט סקריפּ״, די מאַמע האָט געזאָגט: „לאָז אים!״, און איך אליין בין געשטאַנען א צעפלאַטערטער, א צעהיצטער, געשפּרונגען אהער און אהין, אונטערגעהיפּעט... ארויסגעלאָזט א גוואַלד, יעדעס מאָל ווען איך האָב געזען, אז ס׳פייגעלע דערנענטערט זיך צו דער טיר.

דאָס פייגעלע איז (אין זיין איילעניש זיך צו באפרייען) געוועזן בלינד צו אַלצדינג, א חוץ צו דעם איינעם געפיל פון פריי־ווערן. עס האָט געזונגען אין קורצע, איינציקע זילבן, זיך געוואָרפן קעגן דער סטעליע... געשלאָגן קאָפּ אָן פענצטער, ביז עס האָט זיך צעבלוטיקט און איז אראָפּגעפאַלן — מיט איין פליגל אָן אויפגעהויבענעם, ווי עס וואָלט נאָך גע־האַלטן אין פליען... דער אַנדערער א צעבראָכענער, אָן אראָפּ־געלאָזטער...

אז די באָבע האָט דערזען בלוט, האָט זי שיער נישט גע־חלש'ט. מ'האָט געמוזט אויף איר שפּריצן וואסער. די מאמע האָט זיך צעוויינט. איך האָב מיך אויך צעוויינט...

עס איז געווען תשעה־באב.



## ביג זעליג.

זעליג איז צוערשט „געגאנגען א גאנג”. ארויפגע־בראכט די גוי'שע צייטונגען, אזוי גיך ווי זיי זענען ארויס, כדי מ'זאל קענען איבערשרייבן די נייס. די מיטארבעטער האבן זיך צו אים באצויגן מיט א ביסל דרך־ארץ, דערפאר ווייל דער ארויסגעבער איז זיין פעטער... דער פובליציסט פון רעדאקציע האט ביי אים אנטדעקט א „מערקווירדיק קלארן שכל”. דער הומאריסט האט אויסגעפונען, אז זעליג איז א קוואל פון הומאר. און מער פון אלע האט פון אים גע־כאפט התפעלות דער פאעט, וואס איז אויך געווען דער שרייבער פון די „לייט־ארטיקלען אויף דער לינקער זייט” (די „לינקע ארטיקלען” האט מען זיי גערופן) און סטאף־פאליטיקער... זיינע מיינונגען וועגן פאליטיק האט ער גע־נומען פון דער „טיימס”. זיינע חכמות וועגן לעבן האט ער אויסגעקליבן פון די human-interest features פון די זונטיקדיקע ענגלישע צייטונגען. זיינע לי'ער האט ער גע־שריבן אליין, — האבן זיי טאקע געטויגט אויף כפרות. נעוויינטלאך האט ער נישט געהאט גארנישט וואס צו זאגן אין זיינע לידער. אבער דעם גארנישט האט ער געזאגט אין דער ברייט און מיט א פול מויל, און מיט קלינגעריי, ווי פון בהמות, וואס קערן זיך אום פון פעלד.

דער אמת'ער דיכטער איז געזעסן אונטן, אינ'ם דרוק־שאפ פון דער צייטונג, און געזעצט די דאזיקע לידער. אויף דער זעצמאשין...

---

## זעליג וואקסט.

זעליג האט מיטאמאל דערפילט, אז ער איז עמי־צער!... זיין פעטער, דער „רויטער שימען”, האט אויף

אים געגומען קוקן מיט זיינע „ארומגעליאמעוועטע״ אויגן, טראכטן, וואס ער קען מאכן פון אים...

דערווייל, ביז וואס־ווער־ווען, האט ער אים געגעבן צו שרייבן „טעאטער־קריטיקן״ — ער זאל זיך איינשרייבן די הענט. דערנאך, אז זעליג האט שוין געקאנט א ביסל אויס־לייגן און צענויפבינדן א שורה מיט א שורה, האט ער אים, דער „רויטער שימען״, געגעבן איבערצושרייבן קליינע שטיקלאך נייעס פון די ענגלישע און דייטשע צייטונגען.

זעליק האטביידע שפראכן געקענט בלויז ווי א ווייטן און ארימען קרוב. אמאל האט ער געטראפן דעם פירוש־המילות און אמאל — נישט... אזוי איז, למשל, באקאנט, אז זעליג האט איבערגעזעצט:

Meat, that is not fit for human consumption

אויף: „פלייש, וואס טויג נישט פאר מענטשן, וואס ליידן פון שווינדזוכט״.

אין דעם דייטשן אויסדרוק „פריץ שלוג איין פורצעל־בוים (וואס דער טייטש דאפון איז: „פריץ האט זיך איבער־געקערט מיט די פיס ארויף״), האט ער איבערזעצט:

„פריץ האט געקלאפט מיט דער האנט אין פורצעל־בוים״...

מיט דער צייט האט זעליג געכאפט דעם שניט. גע־ווארן א רעפארטער ארום געריכט־הייזער... זיך געטומלט ביי אלע פראצעסן פון אידישע „גענגסטער״... זיך באקענט מיט זיי פערזענלאך... זיך געווערטלט מיט די ריכטער און פראקוראָרן. . . געשפילט קארטן מיט ענגלישע רעפארטערס אין דער „פרעס־רום״ פון געריכט...

זיין מאכט איז ביסלאכווייז געוואקסן און אויך זיין מענטשן־קענטניש, און ביסלאכווייז האט זיך ביי אים צע־וויקלט א פייאיקייט איבערצוגעבן אמת'ע זאכן, גלייך ווי זיי וואלטן געווען א ליגן... ער פלעגט באשרייבן די לעצטע מינוטן פון א פארברעכער, וואס ווערט געפירט צום טויט...

איבערגעבן די פאקטן אזוי „לעפיש״, אָן צענויפגוס, אז ס׳האָט באקומען דעם חן כמעט פון פיקציע, פון דיכטונג...

---

# זעליגיזם.

זעליג איז געוואָרן א „פיגור״. פלעגט באגעגענען אלע „גרויסע געסט״ אויף דער שיף, נאָך איידער זיי זיינען אריין אין האפן. ער האָט שטענדיק געהאט מיט זיך אָנ־געגרייט א פארטיקן אינטערוויו פאר יעדן באזונדערן „גדול״. ער פלעגט דעם חשוב׳ן גאסט שטעלן אזוינע פארעווע פראגן, מיט שפיצעלאך און פרענזעלאך, און חכמה׳לאך, אז דער „גאסט״ פלעגט גארנישט האָבן דאנעגן, אז מ׳זאָל דאָס דרוקן.

— אויב שוין־יאָ־זשע אזוי, — פלעגט זעליג זאָגן אויף זיין סקריפענדיקן אידיש — טו שרייבט־זשע אונטער אייער נאָמען־זשע!

דער „גדול״ פלעגט אונטערשרייבן. זעליג פלעגט באלד „לויפן צוריק״ אויפ׳ן לאנד... צו־פליען צום ערשטן־בעסטן טעלעפאָן און אריינרעדן זייער שנעל:

— „יעס... קאצמאן... פאלעסטינא אונזערס... אידן־פראגע געלייזט... גרויסער „דרייוו״ פאר זעקס מיליאָן... העלאָ, יעס... באלפור וועט זיך מגיר זיין... סעמועלס דאַ־ווענט אין צוויי פאָר תפילין... העלאָ, יעס... גיט א גרויסן קאָפּ: „קאצמאן זעט זיך מיט אונזער רעפּאָרטער און זאָגט, אז יאָ״. העלאָ... יעס... גודביי...״

צו רעדן דורכ׳ן טעלעפאָן איז ביי זעליג׳ן געווען א מין ליידנשאפט... ער האָט ליב געהאט אריינצורעדן אין שווארצן רערל אריין און צו זאָגן ביי יעדן דריטן וואָרט „העלאָ — יעס״... זיין שטים דורכ׳ן טעלעפאָן האָט גע־

קלונגען ריין און אויסגעארבעט — ווי ביי א מענטש, וואָס קען אויסגעצייכנט דעם פאַך פון רעדן דורכ'ן טעלעפאָן. זעליג פלעגט אָפט אָפּשטיין 15 און 20 מינוט ביים שווארצן מונדשטיקל און רעדן — ווערטער. דער „רעסיווער" פלעגט ליגן ביי אים אויפ'ן אַקסל, און ער פלעגט אים צוהאלטן מיט'ן אויער, אזוי, אז ער האָט געקענט נוצן ביידע הענט אויף צו פארצייכענען אדרעסן, דאטומס אָדער גלאט אזוי אָנוואַרפן ווערטער אָן שום זין.

איצט רעדט זעליג ש ט ע נ ד י ק דורכ'ן טעלע־פאָן. דאָס הייסט: אפילו ווען ער רעדט צו אייך פער־זענלאך, רעדט ער צו אייך א ו י ך ווי דורכ'ן טעלעפאָן. ער האלט שטענדיק דעם רעכטן אַקסל אַ ביסל אויפגעהויבן, ווי אונטערצושפארן דעם „רעסיווער". קוקט אוועק אין דער ווייטקייט, האלט די בלייפעדער אין דער האנט און זאָגט ביי יעדן דריטן וואָרט: „העלאָ־יעס".

— העלאָ־יעס... איר האָט נעכטן געהאט א פיין ליד... זאָגט מיר־זשע, איך בעט אייך־זשע. העלאָ־יעס... ווען פאָרט איר קיין פאַלעסטינא... העלאָ־יעס, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? דאָ פארטראכט זיך זעליג זייער ערנסט און לסוף גיט ער א באַלבע ארויס: גודביי.

---

# זעליג זוכט.

אמאָל גיט זיך זעליקן איין צו פארכאַפּן א סענסאציע— איינגאַנצן פאר זיך...

דאָס געלינגט אים דערפאר, ווייל ער איז זייער א פוילער... גייט ער נישט אהין, וואוהין דער רעדאקטאָר שיקט אים, נאָר ער פארקריכט אין זייטיקע ערטער... אין קאפייען, אין טרינק־שטיבלאך, אין פארוואָרפענע געסלאך, אין פרעמדלענדישע קווארטאלן. און אויף אזא אופן האָט ער

שטענדיק בעסערע „באשרייבונגען”, ווי די אנדערע רעפּאָר־טערס. אָפּטמאָל געלינגט אים צו באשרייבן די מנהגים פון די ווילדע פעלקער — אין ניואָרק... אָדער פון די חסידים־שטיבלאך... אָדער — ווי אזוי אידישע „גענגסטער” שווערן־איין א חבר, און זיי הייסן אים א קוש טאָן א מזוזה...

זעליג׳ס לעצטער ארטיקל איז געווען וועגן די גריכן, וואָס וואוינען בלויז א צוויי טריט פון „קעסל גארטן”, וואוהין די שיפן פארטראָגן זיי פון גריכנלאנד. א 100 טריט פונ׳ם ברעג, וואו די שיף האָט זיי אָפּגעשטעלט, בלייבן זיי וואוינען, האנדלען... לעבן דאָרט אלע זייערע יאָרן אויס... אין אָרימקייט און אין כבוד, עסן זיך זייער געבראָטן לעמל־פלייש, זויערע, הייסע יויך... און בלייבן — גריכן, ביז אין טויט אריין. אָרימע שפּל׳ע גריכן, וואָס קענען נישט די שפּראך פונ׳ם לאנד. זעען נישט מער, ווי די שיפן, וואָס גייען אריין און ארויס... דאָס לעבן פון ניו יאָרק בלייבט פאר זיי א בלינד רעטעניש... פון אלע זייטן קומען „עלם”, אונטן רוישן עפּעס אויך אזוינע באנען... אָבער די גריכן, וואָס וואוינען אין די שמאָלע געסלאך, לעבן „באטערי פארק”, ווייסן נישט דאפון... ווי די כינעזער לעבן זיי דאָ אָפּגע־זונדערט... און אז איינער פון זיי ווערט אמאָל ארויסגע־שלעפּט טיפער אין שטאָט אריין, קומט ער צוריק אָן אויס־געפּוצטער אין א הויכן, ענגן קראגן און שפּיציקע שיך, און ער רעדט ע נ ג ל י ש !... אינגיכן טוט ער מיט זיך א גוטן שידוך, ווייל אלע גריכן קוקן אויף אים, ווי ער וואָלט געקומען פון אמעריקע... און אז ער האָט חתונה, עפנט ער א קאָנטאָר פאר שיפסקארטן, לייגט ארויס אין פענצטער אריין א צען־פופצן נייע דאָלאר־אסיגנאציעס, הייגגט ארויס א שילד: "We Speak English" — און אלע קומען זיך מיט אים ראטן וועגן וועלט־זאכן, וועגן וויזעס... וועגן בריינ־גען קרובים קיין אמעריקע... אָדער גלאט שמועסן וועגן דער גרויסקייט פון דער Statue of Liberty און צי ס׳איז אמת, אז די שטיין־פיגור פון דער פרייהייט־געטין איז אזוי

גרויס, אז אין דעם מינצטן פינגער פון איר אויפגעהויי־
בענער האַנט, איז פאַראַן א „ליפט“ וואָס פאָרט ארויף און
אראָפּ...

און דער דאָזיקער גריך ווערט די לעגענדע פון אלע, וואָס
זענען א בעלן א קוק טאָן אויף דער וועלט פון א שטיינער־
נעם פינגער ארויס. . .



## זעליג׳ס גרויסע סענסאציע.

זעליג׳ס גרעסטע סענסאציע, וואָס איז אים געקומען אין מויל אריין, ווי א געבראָטענע טויב (צוליב זיין פויל־קייט), איז די:

אינאיינעם מיט דער כאָפּטע רעפּאָרטערס איז זעליג געפאָרן באַגעגענען א „גדול" אויף עלים איילאַנד. די שיף איז אָבער נישט אריינגעקומען אין האפן. זיינען אלע רע־פּאָרטערס געלאָפן כאפן די „פערי" צוריק אין שטאָט אריין, ווייל ס׳איז שוין געווען ס׳לעצטע שיפל קיין ניו יאָרק.

זעליג איז זיך געגאנגען פּאַוואָליע. געקוקט אויפ׳ן הימל. אויף די בוימלאַך. הנאה געהאט פון דעם פרישן ים־ווינטל, וואָס איז, דאכט זיך, געווען פול מיט „רעפּאָרטן פון יענער זייט ים". פון צייט צו צייט האָט זעליג זיך געגריסט מיט א באַאמטן. געזאָגט עפּעס א חכמה׳לע. אויסגעפרעגט, וואָס עס טוען די פארהאַלטענע אימיגראנטן, וועגן וועלכע ער האָט געהאט עפּעס געשריבן אין זיין צייטונג. צי ס׳וועט היינטיקן פּסח דאָרט זיין א סדר... און צי יאָזעף בראַנדעלבערג וועט ווידער האַלטן זיין דרשה. „וועגן דעם גרויסן ברודער, וואָס טראָגט דעם קליינעם ברודער אויף די פּלייצעס. און אז מ׳פרעגט אים: „ס׳איז דיר נישט צו שווער?" זאָגט ער: „ניין, ס׳איז מיר נישט שווער — ס׳איז מיין ברודער!"

זעליג מאַכט נאָך די איבערטריבענע מינעס און די הויך־דראַמאַטישע טענער פון דעם גרויסן אָראַטאָר, לאַכט גוטמוטיק און גיט א בים אריין אין אן עפּל, וואָס ער טראָגט מיט זיך...

זעליג האָט נישט באַמערקט, אז ס׳איז דערווייל צו־געפאַלן די נאַכט אויפ׳ן „טרערן אינזל". די לעצטע שיף,

וואָס גייט פון עליס איילאַנד קיין ניו יאָרק, איז אוועק... און זעליג איז געבליבן נעכטיקן אויפ'ן אינזל.

אַז זעליג האָט געזען, אַז ער האָט פאַרשפּעטיקט די שיף, האָט ער זיך נישט שטאַרק מצער געווען דאַפון. ער האָט זיך ווייטער געגעסן זיין עפּל. געקוקט מיט זיינע שטאָל־גרויע אויגן אויף דעם ים־נעפּל, וואָס האָט פאַרוויכט דעם אומעט פונ'ם אינזל, אַביסל צעמעקט, ווי אַן אַלטע ראַדירונג...

אין דער ווייטן האָבן געוואָיעט די שטורם־סיגנאַלן. די געפּאַר־גלעקלאַך האָבן אָנגעזאָגט, מ'זאָל זיך היטן. שיפן האָבן געוויינט אין דער אָנקומענדיקער נאַכט אַריין. פייער־לאַך האָבן געברענט גרין און רויט אין די שווימענדיקע, אומרואיקע חלומות. אַ נעפּל־שפּין האָט ארומגעוויקלט אַלצ־דינג. אַריינגענומען דעם ים צווישן אירע צענדליקע פיס און געצויגן אי־בער אים עפּעס אַ קילע און ווייִרוויכדיקע זאַך.

די לופט האָט געשמעקט מיט זאַלץ און אָנקומענדיקן שטורם. ס'איז געווען פייכטלאַך און שטיל־טרויעריק. ערגעץ אין די שטייגן פון דער תפיסה האָט געלאַכט אַ מענטש, וואָס איז משוגע געוואָרן פון נישט קענען דער־גרייכן דאָס געהאָפּטע לאַנד. זיין געלעכטער האָט גע־קלונגען משונה'דיק און אומנוציק, ווי איינער, וואָס שרייט גוואַלד מיט אַ שטיל, גלייכגילטיק פּנים... דער ים־נעפּל האָט אויך דאָס געשריי אָפּגעגלעט... פאַרשפּונען... ווייט־געמאַכט... עס אַריינראַדירט אין דעם גאַנצן גרוי־ברוינלאַכן אָפּדרוק פון די טאָוולען, וואָס האָבן געהאַלטן אין זיך מורא'־דיק־לייִדיקע, דערשרעקנדיקע זאַכן...

זעליג האָט אַראָפּגענומען דעם וויכן, צעקנייטשטן הוט, זיך אויסגעווישט די ברילן מיט אַ דאָלאַר־אַסיגנאַציע, און געפילט, ווי די האַרטע, געל־געקרייזלטע האָר ווערן אים פייכטלאַך... ווייכער...

דאָס געפיל פון ווייכע האָר אויף זיין קאָפּ להיפּוך דער שווערער שטענדיקער געקרייזלטקייט איז אים געווען

אנגענעם. ער האָט געגעבן אַ שמייץ אַוועק דעם „קאַטשאַן" פון זיין עפּל... צוגעגאַנגען נאָענט צום ציגעלנעם ברעג פונ'ם ים, זיך געלאָזט איינאַלייען פון דעם וועלן־געוויג... דאָס שטילע, נעפּלדיקע, האָט געטרייסט... און דאָס ים־זאַלץ האָט דערקוויקט די נאָז און די לונגען.

זעליג האָט דערפילט די גרויסקייט פונ'ם ים — ווי אַ גוואַלדיקע סענסאַציע. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, ווי דער ים גייט אַרויס פון די ברעגעס, שווײנקט אָפּ אַ האַלבע שטאָט, די „וואָלוואָרט"־געביידע — פאַלט... טויזנטער מענשן ווערן דער'הרג'עט... גרויסע הילצערנע הייזער שווימען אַרום אויפ'ן וואַסער... אַ משוגע־געוואָרענע מאַמע שטעקט אַרויס דעם קאָפּ דורכ'ן פענצטער פון אַ לעצטן שטאָק פון אַ שווימענדיק הויז, שרייט: ראַטעוועט מיין קינד... און צינדט זיך אונטער די האָר... אַ קלויסטער־גלאָק רייסט זיך אָפּ אינאיינעם מיט אַ שטיק קלויסטערדאַך — שווימט אַרום און קלינגט... ווי אויף זיין אייגענער לויה... אַ זעקס־שפּיציק היטל פון אַ גלח טראָגט זיך אויפ'ן וואַסער... אַן אָפּגעריסענע האַנט מיט אַ פאַרקוועטשטן שירם...

זעליג שרייבט — אין געדאַנק — די נייעס. אַ גוואַלדיק שטיק רעפּאָרטאַזש. דער ווייבעה הוט אין זיין האַנט איז אינגאַנצן צעקנייטשט, און דאָס בענדל הייגנט אַראָפּ. דער קאָפּ איז נאַס. זעליג זוכט — אין געדאַנק — אַ פּאַסיקן נאָמען פאַר זיין אַרטיקל. „ניו יאָרק אויפ'ן וואַסער" — דאָס זאָגט גאָר נישט. „ניו יאָרק אַ תיבה מיט טויטע און פאַרוואונדעטע" — שוין בעסער, אָבער נאָך אַלץ נישט. „ניו יאָרק אַ טויטע שיף מיט אַ טויטער מאַנשאַפט" — אָט דאָס „קעפּל" איז אים געפעלן בעסער, ווי די פריערדיקע צוויי. ערשטנס, ווייל ס'גיט איבער די גאַנצע שרעק פון דעם אומגליק... צווייטנס, דערפאַר, וואָס מ'וועט זיך קענען צעלאָזן אין דעם אַרטיקל און באַשרייבן אַ טויטע שיף מיט אַ טויטער מאַנשאַפט... וואָס גייט אַליין איבער'ן ים...

זעליג האָט זיך געכאַפּט, ווי ער צילעוועט זיך אַרויפ־

צושפייען אַקוראַט אויפ'ן שפּיץ פון אַ פּאַליע. האָט ער זיך צעלאַכט. אַראָפּגענומען די ברילן, ווייל ס'איז שוין סיי־ ווי־סיי געווען פינצטער... אַרויפגעטאָן ס'בענדל צוריק אויפ'ן הוט, זיך אַ טאַפּ געטאָן מיט שרעק אין די אויבערשטע קעשענקעלאַך פונ'ם וועסטל, צי ער האָטביידע גרויסע שפּריצפּעדערס — די רויטע און די שוואַרצע. און אַז ער האָט זיך איבערצייגט, אַז זיי זענען ביידע דאָ, האָט ער זיך געפילט באַרואיקט, האָט אַ וואָרף געטאָן מיט די ווייך־ געוואָרענע האָר אַהער און אַהין, געזאָגט צו זיך אַליין: „העלאָ־יעס" — און איז אַוועק איבער'ן אינזל.

זעליג האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט אָן אַ ציל אויפ'ן אינזל, געקלאַפּט הויך מיט די פּיס איבער די ציגלדיקע טראָטואַרן, זיך צוגעפּייפט אַ לידל, געווען צופרידן מיט זיך אַליין, וואָס ער האָט דערלעבט צו זיין דאָס, וואָס ער איז. אַ געשמאַקער הונגער האָט זיך באַוויזן אין אַ ווינקל פון זיינע אינגעווייד. זיין נאָז האָט געשמעקט געזאַלצנס, און דער גומען האָט זיך — אין געדאַנק — געקוויקט מיט אַ קופּליע געשמאַקן, ביטערלאַך־קאַלטן, „פּעטן" ביר...

זעליג האָט זיך די לעצטע עטלאַכע חדשים גענומען צולערנען אידיש, געזוכט צו געפינען אַ פּאַסיקע איבערזע־ צונג פאַר יעדן ענגלישן וואָרט. געאיבט זיך אויף באַ־ קאַנטע ווערטער־ביכער... איצט האָט ער גראָד געזוכט אין געדאַנק אַ אידישע איבערזעצונג פאַר דעם וואָרט „קרוד" — וואָס זיך האָט אַזוי אָפט געהערט צייישן די ענגלישע רע־ פּאָרטער־יונגען, ווען זיי האָבן גערעדט פון זייערע קאָנקורענטן. זעליג האָט געפּרופט איבערזעצן דאָס וואָרט „קרוד" אויף „רוי", „אומגעלומפּערט", אָבער ביידע ווערטער זיינען אים נישט געפעלן... ער האָט זיי אָפּגעוואָרפן פון זיך. אויף זייער אָרט איז אים געקומען אויפ'ן געדאַנק דאָס מאָדנע וואָרט „אוכאַזשעוואַטאַר" — פאַר איינעם, וואָס דרייט זיך אַרום אַ דאַמע, אוכאַזשעוועט... אוכאַזשעוואַטאַר. אויך איז

אים, ער ווייסט נישט ווי אזוי, סיידן אפשר צוליב דעם וואָס ער האָט געטראַכט פון מלחמה און פון דייטשן — ארויפגעשוואומען אויפ'ן רעיון דאָס וואָרט „יערגע", „יער-געס", „דייטשע יעגערס מיט שניפסן".



# אויף עלים אײלאַנד

— פּאַרדאָן, מאָסיו!

עס האָט אים אָפּגעשטעלט אַ חנ׳עוודיק פרײליין, אין אַ לײכטער פּעלערינע, וואָס האָט געפלאַטערט אין ווינט. איר פיגור איז געווען מיטלהויך, איר שטים זיס — ווי פריש, קיל וואַסער, וואָס מ׳טרינקט נאָך געזאַלצנס. זי האָט געהאַט ברוינע, ערלאַכע אויגן, און די דרײסטקייט פון אַ מענטש, וואָס פאַרלירט זיך אין ערגעץ נישט. זעליג האָט געוואָלט אַרונטערנעמען דעם הוט און גריסן, אָבער ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האַלט דעם הוט אין האַנט. האָט ער אים אויף גיך געוואָלט אַרויפכאַפּן אויפ׳ן קאָפּ, ווי אַ קאַש־קעט (פאַרגעסן, אַז זײט די לעצטע צוויי וואָכן טראָגט ער אַ הוט!), זיך אַביסל געפּלאָנטעט, זיך פאַרשעמט, אָבער איז שנעל געקומען צו זיך, אַרויסגעשלעפּט, פון געוואוינ־הײט, די רויטע פעדער פון אויבערשטן וועסטל־קעשענקעלע, געזאָגט: „העלאָ־יעס״... און געפרעגט אויף ענגליש, וואָס זי ווינשט.

דאָס מײדל האָט ווידער אָנגעהויבן רעדן אויף איר זינגענדיקן, נאָזיקן פראַנצױזיש... זעליג האָט איר גע־ענטפערט אויף ענגליש. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי בעט אַ שוועבעלע אָנצוצינדן דעם לאַמטערן, וואָס זי האָט גע־האַלטן אין האַנט.

זעליג האָט אַליין געפּרופט אָנצינדן דעם לאַמטערן, געשיצט דאָס אָנגעצונדענע שוועבעלע צווערשט מיט׳ן הוט, דערנאָך מיט ביידע פויסטן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אַ ברענענדיקע קלעטקע — דורך די פינגער האָט זיך אין דער האַלב־פינסטערניש אַרויסגעזען די שיינקייט פון מענטש־לאַכן בלוט...

אַז זעליג׳ן האָט אָפּגעגליקט אָנצעצינדן דעם לאָמטערן, האָט ער אים אַליין גענומען אין דער האַנט אַריין (דעם הוט האָט ער צענויפגעלייגט און אַריינגעלייגט אין קעשענע), און געפרעגט דאָס פרייליין, צי זי פאַרשטייט ענגליש.

— „ענגליש נישט, אָבער דייטש יאָ!״ — האָט דאָס מיידל געענטפערט מיט דעם נאָזיקן אַקצענט פון אַ גע־בוירענער פראַנצויזקע.

— דייטש? איך שפּרעכע דייטש!

זעליג האָט זיך צעפלאַמט. דערמאָנט זיך אין דעם קנאַפּליכן ביסל דייטש, וואָס ער האָט אַמאָל געלערנט, זיך גלייך פאָרגעשטעלט פאַר איר, אַז ער איז אַ רעפּאָרטער פון אַ גרויסער צייטונג און געפרעגט:

— זי זינד אימיגראַנטין?

— יאָ, — האָט געענטפערט דאָס פרייליין, — איך בין אימיגראַנטין.

— שוין לאַנג פאַרהאַלטן?

— אַ וואָך.

— וואָס איז אייער באַשעפטיקונג?

— פּראָסטיטוטקע.

דאָס מיידל האָט אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט „פּראָסטי־טוטקע״ מיט אַזאַ פיינקייט און ערלאַכקייט, אַז זעליג האָט אויפגעהויבן דעם לאָמטערן נאָענט צו איר פּנים, זיך איינ־געקוקט, אַ לאַך געטאָן און געזאָגט:

— איר טרייבט שפּאַס, פרייליין?!

— ניין.ווירקלאַך!

זעליג האָט מיט זיין חוש פון אַ רעפּאָרטער דער־שמעקט, אַז דאָס מיידל איז אַ „סענסאַציע״, האָט ער זיך מיט דער לינקער האַנט געכאַפּט ביים האַרץ, וואו די רויטע פּען איז געווען איינגעפּעסטעוועט אין וועסטל, מיט אַ מעשן קלאַמערל, פאַרבעטן דאָס מיידל, זי זאָל זיך מיט אים אַוועקזעצן אויף אַ באַנק, וואָס איז געשטאַנען אין דעם קליינעם שפּאַצירגערטל דאַלעבן.

דאָס מיידל האָט געזאָגט: „מיר איז אַלץ איינס", זיך אוועקגעזעצט לעבן זעליג׳ן, וועלכער האָט מיט זיין טאַשנטיכל אָפּגעשטויבט די ריינע באַנק... דערנאָך האָט זי אריבערגעלייגט אַ פוס איבער אַ פוס, געוויזן אַ חנ׳עוודיק קנעכל, שיינע זאָקן און אַ פאַרשיים שפּיצל פון אַ זיידענעם אונטערהויז.

— זאָגט מיר, — האָט זעליג אָנגעהויבן זיין אינטער־וויו — ווי אזוי זענט איר אהער געקומען?

— מיט׳ן שיף, ווי אַלע...

— כ׳ווייס... כ׳מיין, העלאָ־יעס... כ׳מיין צוליב וואָס פאַר אַ צוועק?

— צו ארבעטן און ערלאַך פאַרדינען מיין ברויט! — האָט געזאָגט דאָס מיידל.

— העם־הע... כ׳מיין... און וואָס האָט איר אָנגעגעבן פאַר אייער באַשעפטיקונג?

— פּראָסטיטוטקע!

זעליג האָט נישט פאַרשטאַנען.

— איר האָט געזאָגט דעם אמת?

—ווי־דען? איך האָב דאָך געגעבן אַ שבועה!...

זעליג האָט אַראָפּגענומען ס׳קעפּל פון זיין רויטער שפּריצפּעדער. . . עס צוריק אָנגעטאָן. געטראַכט אַ ווײַלע, ווי אזוי צו „טעקלען די פראַגע"... און אין דער זעלבער צייט אויך געטראַכט, ווי אזוי עס וועט זיין אויף אידיש: “to tackle” . . .

— אזוי?... האָט איר אָנגעגעבן אזאַ באַשעפטי־קונג!... — האָט זעליג באַדויערט. — און צו וועמען, האָט איר געזאָגט, פאָרט איר?

דאָס מיידל האָט אים אָנגעקוקט מיט אירע ערלאַכע, שיינע אויגן און געזאָגט:

— צום מיניסטער!

זעליג איז געוואָרן דערשטוינט. ווי אַ יאַגד־הונט,

וואָס דערשמעקט בלוט, האָט ער אַ ציִ געטאָן מיט דער נאָז, זיך אַ טאַפּ געטאָן די גרויסע, רויטע פּען און געזאָגט:

— צום מיניסטער פון — — — ?

— יאָ.

— איך פאַרשטיי נישט...

— „דאָס איז זייער איינפאַך", — האָט דאָס מיידל געזאָגט — „אין דער צייט פון מלחמה האָב איך געאַרבעט אין פּאַריז, זייער אין אַ רייך פּלאַץ. אַלע גרויסע מענטשן פלעגן זיין אונזערע געסט, ווייל אונזער „הויז" האָט געהאַט זייער אַ גוטן נאָמען..."

— העלאָ־יעס! — האָט זעליג געזאָגט אומגעדולדיק, ווען דאָס מיידל האָט זיך אויף אַ ווייל אָפּגעשטעלט, — דערציילט ווייטער... נו... וואָס איז געווען ווייטער?

— גאָרניט. וואָס האָט געזאָלט זיין? ביי מיר זענען געווען אַזוינע געסט, ווי מאַסיו קלעמאַנסאָ... מר. לאָיד דזשאָרדזש און... דער מיניסטער...

— העלאָ־יעס... נו?! — איז זעליג שיער נישט אַרויס פון דער הויט... די שפּיץ פינגער האָבן ביי אים געברענט פון אומגעדולד דאָס צו באַשרייבן.

— אין פּאַריז זענען מיר געווען די בעסטע פריינט — איך און דער מיניסטער. — ער האָט מיך גערופן זיין קעצעלע און אַלצדינגג... און — הער, זאָגט ער, לואיז, פאַר־וואָס פאָרסטו נישט קיין אַמעריקע? זאָג איך, צו וועמען? זאָגט ער, צו מיר... זאָג איך, איר מאַכט שפּאַס הערר פּרע־זידענט, זאָגט ער, ניין... איך מיין עס ערנסט.

— העלאָ־יעס... נו?

— גאָרנישט. ביז נאָך דער מלחמה איז נאָך אַלץ געווען נישקשה. איצט אָבער איז די קאָנקורענץ פון די בירגערלאַכע פרויען געוואָרן צו גרויס. און זיי קענען עס מאַכן ביליקער, ווייל זיי דאַרפן נישט האָבן קיין באַזונדערע צימערן... אַ חוץ דעם איז דאָס ביי זיי בלויז אַ זייטיקער פאַר־דינסט... אויף נאַשערייען. אָבער מיר דאַרפן אַרבעטן

אַר'ן שטיקל ברויט... איך האָב אינדערהיים אַן אַלטע מאַמע, וואָס איך מוז שטיצן... די אָרימע מוטער מיינע! און דאָ נוצן זיי מיך אויס, די יונגען... און מ'צאָלט מיר נישט אַ סו...

דאָס מיידל האָט זיך גענומען ווישן די אויגן מיט אַ קליין, געשטיקט נאָזטיכל.

זאָגט־זשע מיר, איך בעט אייך, — האָט געזאָגט זעליג, — איר האָט דאָס אַלצדינג דערציילט פאַר די באַאמטן?

— געוויס. געמיינט, אַז ס'וועט מיר העלפן...

— נו?

— אָבער ביי אייך איז נישטאָ קיין גערעכטיקייט... אייער פרייהייט (דאָ האָט זי אָנגעוויזן מיט'ן טאַשנטיכל אויף דער סטעטשו אָוו ליבערטי), אייער פרייהייט האָט אַ שטיינערן האַרץ... קיין רחמנות נישטאָ...

— וואָס האָבן זיי געזאָגט, די באַאמטן?

— זיי האָבן געזאָגט, אַז אויב אַזוי וועל איך זיין אַזוי גוט און צוריקפאָרן קיין פּאַריז... איצט וואַרט איך אויף מיין שיף...

— זאָ? גוטע נאַכט!

זעליג איז אָן צערעמאָניעס אַוועק פון דעם מיידל, גע־לאָפן ווי אַן אָפּגעפּאַרעטער, אַריין אין אַ הויז אויפ'ן אינזל, וואו ס'איז דאָ אַ טעלעפאָן, אַוועקגעשטעלט דעם „רעסיווער" אויפ'ן אָקסל, אַוועקגעלייגט פאַר זיך אַ שטיקל פּאַפּיר, און דערוויייל, איידער ער האָט געקראָגן „פאַרבינדונג", האָט ער אויפגעשריבן אַ סך מאָל דאָס וואָרט „טעקל"... דער־נאָך, אַז ער האָט געקראָגן דעם נומער, וואָס ער האָט גע־בעטן, און ער האָט דערהערט דאָס קול פון יענעם זייט טעלעפאָן, האָט ער זיך אַזש אַ צאַפּל געטאָן. ער האָט גע־נומען זידן ווי אַ סאַמאָוואַר, וואָס אָט־אָט פאַלט פון אים אַראָפּ דער „קוימען".

— העלאָ־יעס... דאָס בין איך. א י ך . זעליג.

זע־ליג! העלאָ־יעס... א גוואַלדיקע סענסאציע... קען נישט ערקלערן דורכ'ן טעלעפאָן... האָבן פארשפּעטיקט מיין „פּערי" קיין ניו יאָרק... וועל זיין צוריק מאָרגן אינדער־פרי... העלאָ־יעס... א וועלט־סענסאציע ! ! . . .

פון דעמאָלט אָן האָט די צייטונג־וועלט זיך אָנגע־הויבן רעכענען מיט זעליג'ן... דער „רויטער שימען" איז געוועזן שטאָלץ אויף אים, גענומען אים רופן „פּלימענטשיק־ברודער"... און „פּלימענטשיק־ברודער" איז היינט א מאכט... פּאָרט אין א גרויסן אָטאָמאָביל... האָט א חלק אין דער רייכיר צייטונג... דיקטירט איר שטעלונג בנוגע אַלערליי פראגן. אוים — אידישער געדאנק! דער רויטער שימען האָט איינגעזען, אז דער „אידישער געדאנק" איז זיך א גאנץ גוטער געדאנק, אָבער צו צירקולאציע קומט דאָס נישט...

היינט גיט יענע צייטונג „בילדער פון יונגע, שיינע אלמנות"... מ'באשרייבט די קונסט פון די יונגע, „גריכע־ניעס" אין אַלט־גריכנלאנד... מ'גיט רעפּראָדוקציעס פון די נאקעטע ווייבער פון פראנץ האלז פון שטוק... פון וואַרגא...

און זעליג שרייבט אונטער:

„די שיינקייט פון פרויען־קערפּערס, ביי די אומשטערב־לאַכע וועלט־קינסטלער". ער דערציילט, אז דער רעדאקטאָר איז עקסטרא געפאָרן קיין קאירא, כדי זיך איינצושאפן אָט די קונסט בילדער (מ'קען זיי קויפן ביי האָפּשטעננגל'ען אויף דער זעקסטער עוועניו פאר 1 ד. 40 ס. א שטיק!). און די לעזער — לייענען און קוקן און באַכלינען זיך אַזש...



# דער טאַטע פאָרט קיין אמעריקע.

די צייט איז זיך דערווייל געגאַנגען איר גאַנג. טעג האָבן אויפגעגעסן טעג, יאָרן האָבן אויפגעגעסן יאָרן.

נעכט האָבן זיך מצער געווען דאפון וואָס זיי זענען פינצטער און האָבן זיך אַזוי ביסלאַכווייז אריינגעטרויערט אין די טעג. טעג האָבן זיך געפרייט דאמיט, וואָס זיי זענען ליכטיק, און האָבן זיך אַזוי ביסלאַכווייז אריינגעפרייט אין נעכט...

מענטשן ראַרפן זיך אויסלערנען די צוויי גרויסע ווערטער פון דעם פילאָזאָף העראָקליט: „אַלצדינג פליסט". ווען דאָס מענטשוואַרג וועט מיט'ן בלוט פארשטיין די טויטע טיפקייט פון די ווערטער, וועלן זיי ווערן ווירדיקער, באַשיידענער. צו וואָס דאָס נאַרישע טומלען זיך? — די קנאה, וואָס פרעסט אויף די קליינע טעג? די שנאה, וואָס פאַרברענט אונזערע נישטיקע רגע'ם? סוף־כל־סוף וועט דאָך אַלץ אַוועקפליסן, און טויטע קעניגע זענען טויט אויף דעמזעלבן אופן, ווי טויטע קעץ...

די כישוף־מאַכערין, די צייט, האָט מיט איר גריזשענדיקן, בייזן צאָן צעקייט נאָך עטלאַכע פון מיינע יונגע יאָרן, אויסגעלאָשן אין מיר עפּעס אַלטס, אָנגעצונדן אין מיר עפּעס נייעס.

דער טאַטע איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

אַ שבת־צו־נאַכטס פאַר'ן אַוועקפאָרן, האָבן מיר פאַרריגלט טיר און טויער, אַראָפּגעצויגן די פאָרהאַנגען פון די פענצטער, און דער טאַטע האָט זיך פאַרמאַכט אין אַלקער מיט יאָשע דעם שניידער, האָט זיך דאָרט געזאמט אפשר אַ פערטל שעה, און איז דערנאָך ארויסגעקומען צוריק — אָן די שיינע, אידישע קליידער... אָן דער זיידענער בעקעשע,

אָן דער אַטלעסענער ראַזשעוואָלקע מיט די ברייטע אַרבל, וואוהין ער פלעגט באַהאַלטן די איידעלע, למדנ׳ישע הענט, ווען ער איז געגאַנגען אין גאַס. אַנשטאָט דעם אַלטן, איי־דיש־נגידישן טראַכט האָט ער געטראָגן „ווינער קליידער" פון ברוינעם וואָלשטאָף. די הויזן זענען געווען ברייט און האָבן געהאַט צוויי קנייטשן אין די זייטן. דער קאַמיזויל איז געווען הויך, ביז צום האַלז. האָט געהאַט לאַצן, וואָס זענען געווען פאַרקנעפּלט מיט קנעפּלאַך. דאָס סאַק׳ל איז געווען לאַנגלאַך און ברייט און האָט געהאַט אפשר צען קעשענעס...

דער טאַטע איז געווען פאַררויטלט, פאַרשעמט. יאָשע דער שניידער, וואָס האָט געהאַט אַ קאָזע־בערדל מיט אַ ברייטן שניט צווישן ביידע וואָנצעס — אַ מין קאַלטע מחיצה, ווי צווישן צוויי ברידער, וואָס קריגן זיך איבער אַ ירושה — איז „געזעסן" פאַר׳ן טאַטן אויף די קניעס... שיער־שיער, וואָלט מען געקענט זאָגן, אַז ער קניעט. אָבער יאָשע שניידער ווייסט ב״ה, וואָס ס׳קער צו אידישקייט, און ער זיצט דאריבער אַזוי ווי ער וואָלט זיך געקליבן גיין אַ רוסישע „קאַמאַרינסקע"... ער פּאָרעט זיך אונטן, ביי די שיך... די מאַמע זאָגט, אַז מ׳דאַרף אַ פּאַלאַבאָן, ווייל וואָלשטאָף לויפט איין, און זי ווײנט, ווי ס׳וואָלט חלילה נישט געקענט זיין קיין גרעסער אומגליק, ווי דאָס, וואָס דער טאַטע טוט זיך אָן אין „ווינער קליידער". דער טאַטע אַליין האַלט זיך, ווי עס פּאַסט פאַר אַ זון פון אַ מאַרטירער־פאָלק. ער שמייכלט אַן אויסגעשפּילטן שמייכל, און טאַפּט זיך ביי דער באָרד, גלעט זי, ווי מ׳גלעט אַ קינד די לעצטע פאָר שעה, איידער ס׳לאָזט חלילה די נשמה...

ווער ווייסט, ווי לאַנג דעם טאַטנ׳ס שיינע באָרד האָט נאָך צו לעבן? צי איז איר נישט באַשערט חלילה...

דער טאַטע זאָגט צו יאָשע שניידער, ער זאָל אויפ־הערן אַזוי צו בלאָזן דעם רויך, ווייל ס׳גייט אים אריין אין די אויגן. יאָשע שניידער גיט אַ שפּרינג אויף ווי אויף

פּרוזשינעס, גיט אַ וואָרף דעם ציגאַר־טיטון, פאַררייבט אים מיט'ן פוס. פּאָרעט זיך ווידער אַרום דעם טאַטן — דאָס מאָל אַרום די ברייטע לאַצן פון זיין קאַמיזויל, וואָס בלאָזן זיך אַביסל. דער טאַטע בלאָנדזשעט אַרום מיט'ן מינדסטן פינגער אַרום די אויגן, טונקט דאָרט עפּעס אויס, ווי ער טונקט פון די כוסות דצ"ך־א"דש... שמייכלט... קוקט אויף דער מאַמען און זאָגט, זי זאָל נישט וויינען. וואָס איז דאָ צו וויינען? ס'איז אומעטום גאָט'ס וועלט...

די מאַמע ווייסט, אַז ס'איז אומעטום גאָט'ס וועלט. אָבער וואָס קומט איר אַרויס דאַפון, אַז גאָט אַליין האָט קיין רחמנות נישט. צערייסט און צעפּליקט הערצער — צוליב אַ שטיקל ברויט... צוליב אַ שטיקל ברויט...

אַז די באָבע איז אַריינגעקומען און דערזען דעם טאַטן אינ'ם „ווינער טראַכט", האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש „אוי! געקוילעט בין איך!" האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ ביינקל און געהייסן שפּריצן אויף זיך וואַסער...

דער טאַטע האָט אין מיינע אויגן אויסגעזען זייער שיין. די פאַרפּלאָמטע, פאַרשעמטע באַקן, די ברוינלאַכע, פּירעקעכדיקע באָרד, דער פאַרשייטער קאַמיזויל — דאָס אַלצדינג איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן. עס הייסט, געשמעקט מיט „ווין", מיט „שאָקאָלאַד", מיט „לייפּציג", מיט „איך האָבע די עהרע"... מיט „מען מעג"...

אַז די באָבע האָט דערזען, אַז איך בין דאָ אין שטוב און איך דריי מיך אַרום אויף דער „שיינער חתונה", האָט זי געמאַכט אַ גוואַלד אויפ'ס־ניי:

— „נאָך ער דאַרף דאָס צוקוקן!"

מען האָט מיך געוואָלט אַרויסשטופּן אין דרויסן אַרויס, אָבער איך האָב מיך נישט געלאָזט. איך האָב געזאָגט, אַז ס'טוט מיר ווייי דער קאָפּ, און — מ'האָט מיך געלייגט שלאָפן, טאַקע דאָרט אין אַלקער, וואו דער טאַטע האָט זיך איבערגעטאָן די קליידער.

איך האָב זיך געמאַכט אַז איך שלאָף, האָב געבלאָזן מיט

די ליפּן און דורך דער נאָז... אַלע מינוט איז מיר געוואָרן טרוקן אין האַלז און איך האָב געמוזט אויפהערן אָטעמען אַזוי הויך און באַנעצן די ליפּן מיט שפּייעכץ. דערנאָך האָב איך זיך ווידער גענומען צו אָטעמען וואָס שאַרפער, אַפילו אַביסל אונטערגעכראָפּעט, און זיך שיער צעלאַכט...

איך האָב געהאַלטן די אויגן אַ ביסל אָפן און געקוקט. דער טאַטע איז נאָך אַלץ געשטאַנען אָנגעטאָן אין „מונדיר". יאָשע שניידער האָט צערוקט די וואָנצעס, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז טאָמער וועלן זיי זיך פּאָרט צענויפשטויסן, וועט חלילה פּאַסירן ס'גרעסטע אומגליק. האָט זיך אָנגעטאָן אַ פינגערהוט. אָן אַ דעכל, געהאַלטן די ברילן אויפ'ן שטערן, ווי ער וואָלט באַדאַרפט זען מ י ט ' ן ש כ ל. נישט מיט די אויגן... האָט געפּאַרסטריגעוועט. געגנייט. געצווּיגן דעם טאַטן ביי די לאַצן און ביי די אַקסלען, וועלכע זענען אַזוי אויך געווען אונטערגעוואַטעוועט. אָבער לויט דער נייעסטער מאָדע האָבן זיי געדאַרפט זיין נאָך העכער...

די מאַמע, אַ מידע פון וויינען, האָט זיך אוועקגעזעצט אויף מיין בעט און געהאַלטן דעם טאַטנ'ס האַנט אין אירער. די באָבע איז געקומען אַריינצולויפן, און געזען אַז דער שניידער סטריגעוועט עפּעס אויפ'ן טאַטנ'ס הויזן, וועלכע זענען געווען צו לאַנג, האָט זי גענומען און געגעבן דעם טאַטן עפּעס צו קייען...

דער טאַטע האָט געקייט. יאָשע שניידער איז געזעסן ביים טאַטן „צעפּוסנס", גענייט מיט זייער אַ לאַנגן פאָדים, פאַרוואָרפן קונציקע קניפּלאַך — אין דער הוילער לופט, דאַכט זיך, און גערעדט מיט'ן טאַטן וועגן אַמעריקע, און צו ס'איז אמת, אַז „נאַסם" (ראשי תיבות פון אַ שיף־געזעלשאַפט „נ. א. ס. מ.") גיט כשר'ע עסנס, און אַז ער שטאַמט פון אידישע עלטערן, דער נאַסם...

דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז ער פאָרט נישט מיט „נאַסם", ווייל „נאַסם" האָט געוואָלט צו טייער. ער פאָרט מיט „רעדשטאַר", דורך אַנטווערפּן.

ווען יאַשע שניידער האָט שוין גאַרנישט געהאַט וואָס צו פרעגן, האָט ער גענומען זינגען:

„נאַוואַרעלע ריביטשקע,
הייסט דאָך אויף אידיש פיש;
ווי די רביצין איז געקומען צום רבי'ן,
האָט ער איר געטאָן אַ קיש!"

איך בין געלעגן אין בעט און אַלצדינג אונטערגעהערט, מיט אַ האַסטיק האַרץ. דער שלאָף האָט שוין געהאַט אַביסל גובר געווען מיין נייגער, אָבער דאָס אויער האָט זיך נאָך געראַנגלט... איינגעזאַפּט אין זיך דעם פלאַטערדיקן כישוף פון די פרעמדע ווערטער: „נאַסם", „רעדשטאַר", „אַנטווערפּען". איך האָב געזען שיפן מיט גאָלדענע קוי־מענס... און הויכע זעגל־בוימער פון רויטן טריפּאַקס... און גרויסע מעסערס אונטן ביים דרויסנדיקן דנאָ פון שיף — די מעסערס שניידן די ריזיקע וואַל־פיש, וואָס טוען צערענען אויף די שיפן... עס גיסט זיך בלוט... די שיף גייט דורך אַ שטראָם מיט פיש־בלוט... די מאַמע צעהאַקט די קלענערע פיש מיט אַ האַק־מעסער, בראָקט אריין אַ ציבעלע... טוט אריין אַביסל פעפער...

איך האָב זיך געגעבן אַ כאַפּ אויף און דערזען דעם טאַטן אָנגעטאָן אין אַ ברוינעם „קיסטאָנט" — אַ האַרט היטל אַזאַ, ווי אַן איבערגעקערט מולטערל, און ס'האָט גע־האַט צו צוויי ביינערנע לעבלאָך אויף יעדער זייט, און אַ שוואַרץ גומידל, מיט אַ שטיקל שוואַרץ קנעפּל אויף צו פאַראַנעקרן אָט־דאָס גומידל.

דער טאַטע איז געווען אַזוי פאַרענדערט, אַז איך האָב אים נישט דערקאָנט... צום ערשט האָב איך מיך דערשראָקן און געוואָלט אַ געשריי טאָן, דערנאָך האָב איך פאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך, אַ קוק געטאָן אויף די צוויי נאַרישע לעב־לאָך אין קיסטאָנט. און דאָס האַרץ האָט מיר געוואָרן פול מיט ווייטאָק... איך האָב ארויסגעשאָסן אין אַ געוויין.

דאָס איז געווען דער „פונק אין פעסל פולווער". דער־

הערט, אַז איך כליפּע, איז געקומען צעלויפן די באָבע און זיך צעקוויטשעט... און אָפּגעלאָשן קוילן... די מאַמע האָט געכליפּעט אין היסטעריקע; דער טאַטע האָט געזאָגט: „נו, נו, הערט׳ס אויף! ס׳איז שוין גענוג“. האָט אַוועקגעלייגט דעם קיסטאָנט, צוריק אָנגעטאָן דעם סאַמעטענעם הוט מיט די ברייטע ראַנדן, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס סאַקל מיט׳ן קאַמיזויל... אַרויסגעשיקט די מאַמע׳ן מיט דער באָבע׳ן, געהייסן דעם שניידער קומען מאָרגן, ווייל ער האָט קיין כח נישט...

און אַז דער טאַטע איז געבליבן אַליין (ער האָט געמיינט, אַז איך שלאָף), האָט ער אַראָפּגענומען פון דער פּאָליצע א ספר׳ל, עס צעעפנט... אָנגעהויבן עפּעס אונטערברומען אַ ניגון. דערנאָך האָב איך געהערט, ווי טרערן קאַפּען אויף פּאַפּיר...

# „הגר“.

וואלקינ׳ס „הגר“ איז געוואקסן און געוואקסן.

וואלקין האט „געקלעפּט“ טאג־און־נאכט. געשלאפן אומרואיק. גע׳חלומ׳ט פיצלאך חלומות, וואס האבן געהאט צו טאן ענטוועדער מיט די שוין־פארענדיקטע ליניעס פון זיין סקולפּטורע, אדער מיט דעטאלן, וואס ער דארף ערשט אויספירן.

ווי אלע קינסטלער, איז וואלקין געווען א פוילער. חדשים־לאנג פלעגט ער זיך אנפוילן. עפּעס פלעגט אין אים צעפּאלן, יוירן, ווי אין וויינטרויבן, וואס ווערן ווייו. אינוויייניק איז געווען א זיסע זיכערקייט מיט זיך אליין. א געפיל, אז ערגעץ טיף אין זיך איז פאראן א קוואל, וואס לעבט שטענדיק, נאר מען פארדעקט אים מיט גרויסע, גרינגע בלעטער, קיינער זאל אים נישט זען. א רייכקייט־געפיל, וואס באשטייט אין נישט־אויסגעבן די אנגעזאמלטע אוצרות.. נישט ציילן... נישט טראכטן אפילו דאפון... נאר זאמלען. זאמלען, זאמלען.

אין אזוינע צייטן פלעגט וואלקין ליגן אויסגעצויגן אויף זיין אטאמאנע, רויכערן די בויכיקע ליולקע, זיך שפּיקן מיט׳ן רויך, לאזן קליינע געדאנקען־שאטנס פארבייציען אין זיין געמיט. זיך טאפּן דאס גראבע פלייש פון זיינע ליטקעס און פון זיינע ארעמס און הנאה האבן פון זייער גוטער טעקסטור.

וואלקין איז נישט געווען פון יענע קינסטלער, וואס האבן נישט קיין גלויבן אין זיך, גיבן זיך אליין קיינמאל נישט אויף בארג, האבן מורא אויף א מינוט זיך אויסצולעשן, טאמער וועלן זיי זיך נישט קענען צוריק אנצינדן.

דאס פייער פון אזוינע אומזיכערע קינסטלער איז

שטענדיק פארטונקלט. האָט א סך אש פון אויבן. עס פעלט די פרישקייט פון א נייעם, זינגענדיקן פייער. עס פעלט די פרייד פון אָנמיען־זיך...

וואַלקין האָט געטראַכט אין ליניעס, אין פאָרמען. פארבן האָבן פאַר אים כמעט נישט געלעבט. יעדער פאַרב האָט ביי אים — אין זין — געהאַט ענטוועדער א טעם, אָדער האָט זיך אויסגעדריקט אין איר פאָרם. אזוי איז ביי אים רויט געווען — רונד, ווייס — פלאַך, גרין — לאַנג... בלאָ — ביטער, געל — זיס...

וואַלקין האָט אויסגעקליבן אַן אומדאַנקבאַרע קונסט. איז איז געפעלן צו „באַצווינגען דאָס שווערסטע".

„מאָלן מיט פאַרב", פלעגט וואַלקין זאָגן, „איז ווי אויסנאַרן א צוקערל ביי א קינד". ס'איז נישט שיין פאַר א דערוואַקסענעם מענטשן זיך צו באַרען מיט א קונסט, וואָס גיט זיך אַליין אונטער, וואָס שטעלט ארוים די ווייסע פאָן, נאָך איידער מען טשעפּעט זי...

פאַרב? כע! גיט א קינד א פּינזל מיט א קעסטל פאַרב, און ס'וועט עפּעס מאַכן. רויט, גרין, געל, ווייס? — און די ביי־פאַרבן?... וויפיל וואונדערלאַכע שיינקייט ליגט אין די פאַרבן אַליין. מאַכט א פלעק אין גרין־און־אָראַנזש... און ס'איז א ווערק. אָבער סקולפּטור? — מאַכן עפּעס פון בלאָטע, פון ליים... ארויסנאַרן א מענטשן פון א שטיין ארויס, פאַרגליווערן א שטיק וועלט־שיינקייט אין בראָנז — עך, ניעכטשי שליאַק טראַפּאַ! (אַז וואַלקין איז געוואָרן צערודערט, האָט ער זיך געוואָרפן מיט די פאָר גוי'שע ווערטער, וואָס ער האָט געדיינקט נאָך פון אוקראַינע, פון וואַנענט ער איז אַוועקגעפאָרן, ווען ער איז נאָך געווען א קליין קינד).

וואַלקין איז אין זיין קונסט געווען אַן איין־אויגיקער. מער ווי זיין קונסט האָט ער נישט געזען. מער ווי זיין „מעדיום" האָט פאַר אים נישט געלעבט. זיין גרויסער כח האָט (ווי עס מאַכט זיך אַמאָל ביי א פאַרשטעלטן שטראָם),

זיך אויפגעבראָכן בלויז אויף איין פונקט, און דאָרטן האָט ער גערוישט, געשוימט, געשלאָגן מיט צעשפּריצטן, ווייסן פייער...

וואלקין איז געווען נישט קיין איד און נישט קיין גוי. זיין אויסדרוק האָט זיך נישט אָנגעטאָן אין קיין שום קלייד. ער האָט נישט געזוכט צו אנטפּלעקן דעם סוד, וואָס איז נישט צום אַנטפּלעקן. ער האָט נאָר געזוכט צו פאַר־דיכטעווען דעם גרויסן סוד. אים אַריינשמאָלן צו אַזא פונקט, וואו ער זאָל זיך אויסשטראַלן אין אַ שוואַרץ־ליכ־טיקער שאַרפקייט...

וואלקין האָט געלאַכט פון די אידישע קלאָג־מוטער־קינסטלער, וואָס קלאָגן זיך שטענדיק אויף זייער מזל, ווייזן אָן אויף די עולות, וואָס די וועלט טוט זיי. ציען שטענדיק אַ פאַרגלייכעניש צווישן זיך און זייערסגלייכן ביי די גוים. גרויסן זיך כלומר'שט מיט זייערע נישט־ערפאָלגן און זענען מקנא יעדן מינדסטן ערפאָלג, אפילו פון די האַלב אָדער פערטל־קינסטלער. עסן זיך אויף, ווען זיי גייען פאַרביי אַ גאַס און מען דערקענט זיי נישט. זייער אויפגעבלאָזנקייט איז ווי אַ פאַנכיר, וואָס מען לייגט זיך אונטער, כדי צו קענען שווימען, און מ'האָט פונדעסטוועגן מורא זיך אַרויס־צולאָזן ווייט אויפ'ן וואַסער...

אָט־די קינסטלער מוזן שטענדיק פיבערן. האָבן מורא זיך צו דערטאַפּן אין אַ ניכטערער מינוט, ווען אַלץ איז ביטער און קליין... מוזן ביי זיך שטענדיק אויסנאַרן דאָס ביסל מי, אין אַ האַלב־שיכור'קייט, ווען מ'קלערט נישט פון דעם תכלית פון זאַכן, ווען עס דערשלאָגט נישט די הויזיקע אָרימקייט, די באַשפּיגנקייט פונ'ם שטיקל ברויט...

וואלקין האָט איצט געגרויבערט זיין ליולקע. געטראַכט פון גלאַטקייטן, פון וואַרימע רונדן, פון עפּעס וואָס, וואָס ווערט זיך מיט האָס און גיט זיך אונטער מיט ליבשאַפט. וואלקין האָט געהאַט כמעט אַ סעקסועלע פרייד פון דעם ליים, וואָס האָט זיך אים אונטערגעגעבן, זיך געגעבן פאַר אַ מיטל צו באַשאַפן.

ער האָט געטראַכט פון זיין „הגר", וואָס וועט אויס־וואַקסן אַזוי גרויס סיי אין פאַרנעם, סיי אין ממשות'דיקער גרויס, אַז בלינדע וועלן זען דעם טראַגיזם פון אַ געפיייניקטער ליבע.

וואַלקין האָט געוואָלט, אַז זיין „הגר" זאָל זיין „גע־פּייניקט אין פלייש" — נישט אין נשמה. ווייל די מענטש־לאַכע נשמה גיט זיך בלויז דורכ'ן לייב. „נשמה אליין איז אַ — — " — האָט וואַלקין געטראַכט מיט אַ גראָבן וואָרט.

וואַלקינ'ס „הגר" האָט געזאָלט האָבן „צען פּנים'ער"— ווי ער האָט עס אין זיין געבונדענער פּשוט'קייט אָנגערופן. אַ סטאַטוע, וואָס זאָל לעבן נישט נאָר פון איין זייט, נאָר פון אַלע ווינקלען... די געפּייניקטע זאָל זיך „מינען", באַ־וועגן... וויברירן...

אין זיין זוכעניש נאָך דעם עפעקט פון אַ „געפּייניקט לייב", פלעגט וואַלקין דערגיין ביז ברוטאַלקייט. ער פלעגט אָן רחמנות באַליידיקן זיין מאָדעל — זיין ליזאַן... איר אָנטאָן נגושים... זאָגן, אַז ער וועט זי פאַרטרייבן פון שטוב... און יענע, אַ געפּייניקטע, אַ צעבראָכענע, פלעגט אים געבן דעם געזוכטן אויסדרוק...

דעמאָלט פלעגט וואַלקין ווערן ווייכער, מענטשלאַכער, און זי אָנהויבן גוטמוטיק צו פּאַטשן און קנייפּן איבער'ן נאַקעטן לייב.

ליזאַ פלעגט אָפּלאָזן דעם „געפּייניקטן אויסדרוק", אירע אויגן פלעגן צוריק ווערן די סאַמעטענע שפּיגעלאַך, פון ווייכן טרויער און אומענדלאַכער ליבשאַפט...

אַז וואַלקין פלעגט דערזען, אַז ליזאַ איז „אַרויס פון טאָן", פלעגט ער ווערן אומגעדולדיק. און כדי זי צוריק אַרויפצעפירן אויף די נואַנסן פון פיין און באַליידיקונג, וואָס ער האָט אַזוי נויטיק באַדאַרפט פאַר זיין ווערק, פלעגט וואַלקין אַרויסלאָזן אַ גראָב אוקראַאיניש זידל־וואָרט און עס באַגלייטן מיט:

— קורווע!

# אין גאַליציעלאַנד.

אַז דער טאַטע איז געוועזן אַוועקגעפאָרן, האָב איך מיך דערפילט פריי און שווער. פריי — דערפאַר, ווייל איך האָב געקאָנט טאָן, וואָס מיין האַרץ האָט געגלוסט און נישט מורא געהאַט פאַר'ן טאַטנ'ס אויגן, וואָס האָבן מיך אָנגעקוקט מיט ברוינע בייטשן... און שווער, דערפאַר, וואָס איך האָב נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט מיין פרייקייט. געפילט, אַזוי ווי מיט מיין יעדן ביסל פרייד וואָלט איך געבליבן עמיצן אַ בעל־חוב...

אין לעבן שטייט שטענדיק די מי און ביטערקייט אויף דער קרעדיט־זייט פון אונזער רייסטער און די פרייד אויף דער חוב־זייט...

די מאַמע איז אומגעגאַנגען אַן אומעטיקע, אַ פאַר־וויינטע, האָט אָנגעהויבן אַרויסקוקן די אויגן אויף דער פּאָסט, אַנטקעגנגעלאָפן דעם בריוו־טרעגער אַלע טאָג, און כאָטש דער טאַטע האָט געשריבן זייער אָפט, האָבן דאָך זיינע ווערטער נישט געקאָנט באַרואיקן דער מאַמע'ס צער, וואָס האָט זיך צעשפּרייט איבער דער גאַנצער שטוב, אַרומ־גענומען די פּאָר קליינע וואַזאָנקעס אויף אונזער פענצטער, זיי האָבן אָנגעהויבן וויאַנען, און די בלעטלאַך האָבן גע־נעמען אַראָפּפאַלן.

איך בין אַרומגעגאַנגען שלינג־און־שלאַנג אַ גאַנצן זו־מער. איבערגעלעגן אין טייך. געשפּאַצירט מיט דאַוויד'ן און גערעדט וועגן „לייפּציג" און וועגן „שאָקאָלאַדע", און דאַוויד האָט מיר, בסוד־סודות, אויסגעלערנט אַ פאַרבאָטן לידל, וואָס האָט געהאַט אַלע טעמים אין דער וועלט. — עס האָט געקיצלט דאָס האַרץ, פאַרוויגט די פיבערדיקע אומרו, וואָס די דערוואַכונג האָט פאַרזייט אין מיר. דאָס

לידל האָט באַזונגען אַ „מיידל" פון אויבן ביז אַראָפּ. עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט: „אוי, גוטער ברודער, מוז מען טויגן, ביי אַ מיידעלע אויף די אויגן". דערנאָך איז עס אַוועק אין דער אַנאַטאָמישער ריכטונג — אַראָפּצעצו. באַזונגען „די מיידעלשע ציצן..." און זיך געענדיקט, אַז ס'איז זייער זיס...

ס'איז געווען זומער, און היים און פעלדיק. די טעג האָבן געשמעקט מיט אַראָפּגענומענער תבואה. די נעכט זענען געווען פול מיט די „ווייסע בערד" פון קוקורוזעס, וואָס האָבן געטראָגן אויף זיך די ווייניקע ליכטקייט פון אַ קילער לבנה...

פורן, אָנגעלאָדן מיט קאָרן און מיט ווייץ, זענען דורכגעפאָרן אויפ'ן „ווינער וועג". — די גאָלדענע שפּע האָט זיך שווער און קעניגלאַך, ווי פעטע, ווייסע קעמלען, באַוואויגן דאָרף־צעצו.

העט־אויבן אַף די פורן, אינמיטן פון דעם דראַנג, וואָס איז געווען איבערגעלייגט אַקוראַט אין דער העלפט פון דער פור, איז געזעסן אַ קליין שייגעצל, מיט האָר ווי זאַנגען, און מיט אויגן ווי שטיקלאַך בלאָע גלאָז — און ער האָט געפייפט און זיך געפילט זייער שטאָלץ, אַז וואָס ער קען אַראָפּשפּייען פון אַזאַ הויכקייט.

פון צייט צו צייט איז דורכגעפאָרן אַ מיליטערישע פור מיט אַ יונג „קאַדעטל" פון אויבן... דאָס יונגע קאַדעטל איז געזעסן ווי אויף „פּאַראַד", דאָס שווערדל אין דער זייט, די „מיץ" וואוויליונגעריש אויף אַן אויער... דאָס פּנים ערנסט, אָפיצעריש, קייזערקעניגלאַך.

איך האָב געקוקט אויף די „קאַדעטלאַך" און זיי שטאַרק מקנא געווען. געפּרוּווט פאַרשאַרן מיין היטל אויפן אויער, אָבער עס האָט זיך נישט געהאַלטן. זיך פאָרגעשטעלט, אַז איך בין שוין אַ דערוואַקסענער... בין אַן עסטרייכישער לייטענאַנט... טראָג אַ גאָלדענעם שטערן אויפ'ן קראַגן... אויף די געפּוצטע שטיוועלאַך קלינגען שפּאָרן... איך טראָג געלע

האַנטשיך פון ווייכן לעדער, און איך צי זיי אַראָפּ פון די פינגער אַזוי עלעגאַנט... פינגער נאָך פינגער... זומער קום ז׳יך צו אונז אין שטעטל אַריין אויף אורלויב. גיי איבער די גאַסן מיט׳ן גרויען מאַנטל איבער די אַקסלען. די שווערד קלינגט און רוישט. אַלע טרעטן מיר אָפּ דעם וועג. זשאַנדאַרן סאַלוטירן מיך. אפילו לייזער גלאַנץ, דער געמיינדעשרייבער מיט׳ן געשפּיצטן בערדל, וואָס רעדט שטענדיק פּויליש, און האָט אַ פרוי, וואָס טראָגט אַ „הוט״ און אַ זיידענעם פּאַראַסאָל — אפילו ער וועט פאַר מיר אַראָפּנעמען ס׳היטל, זאָגן „מאָיא שאַנאַוואַניע״.. דערנאָך וועל איך דורכפאָרן דעם רינגפּלאַץ אין אַ בלאַנקענדיקער קאָלעס. אויף דער קעלניע וועט זיצן מיין אַדיוטאַנט... ער וועט טרייבן די פערד אין אַ מורא׳דיקן גאַלאָפּ, און איך וועל קריצן מיט די ווייסע ציין און אים הייסן פאָרן נאָך שנעלער, און שרייען „קאַ־נאַ־ליאַ!״... אַלע שטעטלדיקע וועלן זיך אומקוקן. זיך שרעקן פאַר דעם בייזן לייטענאַנט. מיידלאַך וועלן אַרויפשמייכלען צו מיר און מיר וואַרפן בלומען. פּוילישע שיקסעס וועלן מיר ברייגנען טעפּ מיט פרישער פּוטער, צוגעדעקט מיט גרינע בלעטער, וואָס זענען נאָך נאַס פון טוי, און זאָגן:

— פּאַן לייטענאַנט... פּראָשען פּאַנאַ... ניעך פּאַן...

פלוצים וועט מיך עמיצער דערקענען א געשריי טאָן: „ס׳איז דאָך מאיר דודזשע׳ס זונדל״. עס וועט ווערן א געשריי, א טומל, א פּרייד־סענזאַציע.

איך וועל אַראָפּשפּרינגען פון דער קאָלעס, א צי טאָן מיין אָפּיצערישע מיץ, און זאָגן זייער ערנסט און שטרענג:

— אויפ׳ן באַפעל פון קייזערקעניג וויל איך, אז מ׳זאָל מיר אָפּזוכן מיין רבי׳ן, ר׳ חיים שעכטער, און אים ברייגנען אַהער!

מ׳ברייננט דעם רבי׳ן. ער איז צעשראָקן, וויל אראָפּ־נעמען ס׳היטל און בלייבן אין דער יאַרמולקע. זאָג איך אים:

— רבי... אויפ׳ן באָפּעל פון קייזערקעניג זאָל מען נעמען סרול לאַנדמאַן און אים שיסן, דערפאַר וואָס ער רופט מיך „שטוצער"... און ער וואַרפט מיר אויף, אז איך האָב ליב סורטשע׳ן... אַלזאָ, קיין וואָרט מער!

דער רבי פאַלט אויף די קני, בעט זיך, איך זאָל רחמנות האָבן אויף סרול לאַנדמאַן... ער איז נאָך א יונג מענטש... זאָג איך:

— אויב אזוי זאָל סרול לאַנדמאַן אליין קומען, מיר געבן א קוש אין האַנט און זאָגן דריי מאָל: „וואָס איך האָב גערעדט, האָב איך געבילן; וואָס איך האָב גערעדט, האָב איך געבילן; וואָס איך האָב גערעדט, האָב איך געבילן"...

דער אינקאָגניטאָ־חלום איז אייביק־יונג און אייביק־אַלט, ווי דאָס לעבן.

אלע חלום׳ען מיר פון קומען צוריק „אהין", וואו אונזער יוגנט האָט זיינע פּאָנען אויפגעוויקלט...

אלע חלום׳ען מיר דעם אינקאָגניטאָ־חלום פון קומען צעריטן אין קעניגלאַכע עקיפּאַזשן, דאָרט, וואו אונזערע פּיס האָבן זיך געבלוטיקט אָן שטיינער... ווייזן אונזער גרויס־קייט און גלאַנץ דאָרטן, וואו קיינער האָט זיך אויף אונז נישט אומגעקוקט.

„מענטשן!" — ווען זאָגן אונזערע פּרינצלאַכע קליידער — „זעט, ווער איר האָט פאַרזען! א פּרינץ איז געווען צווישן אייך, און איר האָט זיך נישט אומגעקוקט. איר האָט אים געערגערט, באַלעסטיקט; פאַרלאַנגט פון אים, ער זאָל עסן אייערע עסנס, טרינקען אייערע געטראַנקען, חלום׳ען אייערע חלומות און דאָס איז דאָך געווען א פּרינץ"...

מיט אזוינע געפילן קערן מיר זיך אום צוריק אין אונ־זערע היימלענדער, נאָך לאַנגע יאָרן וואַנדערוועגן און מיען־

זיך... מיר שטעלן זיך פֿאָר, ווי גרויס עס וועט זיין די איבעררשאונג פון אונזערע חברים, ווען זיי וועלן אונז דער־זען אין אונזער גרויסשטאָטישער טראַכט, מיט די דימענ־טענע רינגען אויף די פינגער, מיט אַ „פעלדגלאָז" איבער'ן אַקסל, מיט גאלף־הויזן...

אָבער זיי זענען נישטאָ — די חברים. אַלט געוואָרן, אויסגעשטאָרבן, אַוועקגעפאָרן...

און די, וואָס זענען דאָ — זענען אַנדערע, פרעמדע. וואָס גייען זיי אונז אָן?...

און מיר האָבן דאָך געררייזט אַזוי ווייט, כדי צו שיטן דעם אַוועקגעפלויגענעם חלום זאַלץ אויפ'ן עק...

גייען מיר איבער'ן בלאָטיקן, פרעמדן שטעטל, קוקן אָן די פרעמדע מענטשן, די קליינע האָפנונגען, דעם שווערן עלנד, די ערד, וואָס וואַרט אומעטום אויף אונז, מיט בלימ־לאַך אין די האָר, און מיט געזאַנג...

מיר נעמען די ערשטע באַן און לויפן צוריק אין דער וועלט אריין, וואו ס'לעבן איז ברייט און רוישיק, און וואו חלומות ווייסן זייער אָרט און זייער צייט.



# BROADWAY.

„דער לוסטיקער ווייסער וועג" — מיינט מען בראָדוויי, אַרום דער טעאַטער־געגענט. ווער האָט נישט געהערט פון לוסטיקן ווייסן וועג? דאָרט שרייט די שטאָט איר העכסטן געשריי פון אויסגעלאַסענעם ווייטאָק; דאָרט שפּילט די רייכקייט אין בלענדעניש, פינקלט ווי צעשטויסן גלאָז קעגן דער זון די לעגענדע פון דערגרייכן, פון ערפאָלג, פון „סוקסעס".

צייטונגס־פילאָזאָפן און וואָלוועלע זשורנאַלן ווייזן שטענדיק אָן אויף בראָדוויי, ווי אויף אַ באַווייז, אַז אמת'ע קונסט ווערט סוף־כל־סוף באַלוינט... און אַז וואו גוטס טרעפט זיך אָן מיט שלעכטס, מוז דאָס שלעכטס אָפּטרעטן דעם וועג. זיי דערציילן וועגן אָרימע אינגלאַך און מיידלאַך, וואָס זענען געקומען פון די פּראָווינץ־שטעט אין אַמעריקע, מיט איין העמד אויפ'ן לייב, און בראָדוויי האָט מיט זיי אַ נס באַוויזן! ווי אַן אַלכעמיקער מאַכט פון אַ געמיינעם מעטאַל גאָלד, אַזוי מאַכט די אַלכעמיע פון בראָדוויי גרויסע מענטשן פון — גאָרנישט. דערהויבט צו אַ שווינדל־הויכער מדרגה אַזוינע, וואָס האָבן זיך שטענדיק געשראָקן אפילו צו אַזאַ הויכקייט ארויפצעקוקן. בראָדוויי איז אַ לעגענדע פון גאָלד און ווייַן, פון רויטע ראַקעס און געלע רויזן. בראָדוויי כישופ'ט מיט איר נאַכטיקער ליכטיקייט. איר „ווייסער וועג" איז דער מילך־וועג אויף דער ערד — אַ קליינע סאַטירע אויף די שטערן און זונען, וואָס זייערע היינטיקע שטראַלן דערגרייכן צו אונז, ווען מיר זענען שוין נישטאָ.

ביי די „הייליקע" ווענט פון בראָדוויי וויינט דער מידער וואַנדערער... ביי אירע טויערן ווישט מען זיך די

שיך מיט ערפורכט. צו אירע גטטער און געטינס בוקט מען זיך, ביז דער אייגענער שטערן שלאָגט זיך אָן אין דער ערד.

בראָדוויי! בראָדוויי! דו גרויסער וועלט־אומרו צונויפגענומען אין א רייף! דו פארקאָמערציאַנטעוועט הארץ פון דער וועלט! דו פאר׳הוזק׳טע משיח־האָפנונג!

צו בראָדוויי ציען די חלומות פון אלע קינסטלער — ווי ווייסע קאראוואַנען אין דער וויסטעניש. צו בראָדוויי ציען זיך אלע הענט פון די גאָלד־זוכער. חלומות־שפינער, אוואַנ־טיוריסטן, נאַפקעס, פינאַנצירן, ברויט־און־לייב־הענדלער.

— האנדל! האנדל! רום! רום!

די טויזנטער שווייסן פון אָרימע מענטשן, וואָס שוויצן אין א טעאַטער, און שוויצן פאר דעם פרייז פון א בילעט, אריינצוגיין אין א טעאַטער, און שוויצן אויס דעם שכל, מיענדיק זיך צו פארשטיין די „טיפקייט" פון דעם טעאַטער— די אלע מענטשן־שווייסן ווערן פון די געלד־און־רום־בעמיקער פארוואנדלט אין א דעליקאַטן פארפום, וואָס איז אזוי זיס צו די נעז פון די אוואַנטיוריסטן, קונסט־מעקלערס, דער־גרייכער.

ווי יונגן, וואָס האנדלען מיט פרויען־שיינקייט, אזוי האנדלען דאָ חברה מיט... גייסט. קומסטו און ווייזסטו דיין פארבלוטיקט הארץ, די דאָרן־קרוין אויף דיין קאָפ, — שעצט מען באלד אָפ, אויף וויפיל דיינע יסורים וועלן זיך לאָזן רעקלאמירן, און וויפיל געלט מ׳קען דאפון מאכן.

„קונסט" איז דאָ ביי אלעמען אויף די ליפן, אָבער ביי קיינעם נישט אין הארץ.

דאָ שטעלט מען אויס קונסט אין די פענצטער, ווי דאָס אמאָליקע עלען־סטריט פלעגט אויסשטעלן אירע ווייבער. „הויכע קונסט" — דערמאָנט דאָ אין די „הויכע בריסט", מיט וועלכע פראָסטיטוטקעס רימען זיך, ווען זיי פארלאַנגען פון אייך נאָך 25 סענט... קוקט איר אויף דעם ווילדן קונסט־יאַרמאַרק פון בראָדוויי, איז אייך שווער צו

גלויבן, אז קונסט איז עפּעס אַ זאַך, וואָס האָט אין זיך קדושה, וואָס טראָגט אין זיך דעם סוד פון אַלע וועלטן, וואָס שלאָגט צו שאָטנס צו זייערע ערטער, האַקט אויס שטיקער צייט און באַהאַלט זיי אויף אייביק.

אויף בראָדוויי איז קונסט דער שטריק זיך אַ שווינג צו טאָן צום לייטער, וואָס פירט צום הימל א ר ו נ ט ע ר. אויף בראָדוויי איז דער הימל — נישט דער אמת'ער הימל — נאָר דער אָפּשפּיגל פון א הימל אין א זומפּ...

דאָ זענען אויסגעמעקט די ווערטער: פאַרגעבונג, רחמנות, געדולד. און ווי איז דעם, וואָס פאַלט אין מיטן קלעטערן, איידער ער דערגרייכט די לעצטע טרעפּ.

(ווייזט איר נאָר די קלענסטע סמנים פון שוואַכקייט, פון אומגלויבן אין זיך אליין, זענען אייערע שמשים און לאַקייען באַלד גרייט אייך אַראָפּצעשטופּן פון דעמזעלבן פּעדעסטאַל, אויף וועלכן זיי האָבן אייך אַרויפגעשטעלט. געטער לעבן דאָ נישט לאַנג, אַ יאָר, צוויי, דריי, פיר — דאָס בראָדווייער קלימאַט איז שעדלאַך פאַר געטער!).

דאָ איז נישטאָ קיין ערגער פאַרברעכן, ווי — שוואַכקייט. קיין נידעריקערע זאַך, ווי אָרימקייט. קיין גרעסערע בושה, ווי צו האָבן אַ לעבעדיק האַרץ...

בראָדוויי לעסטערט דעם הימל בייננאַכט מיט אירע פייערדיקע שילדן. פאַרשוועכט דעם הימל בייטאָג מיט אירע טורעם־שפּיצן, וואָס ציִלן דעם זעענדיקסטן גאָט די אויגן אויסצושטעכן...

בראָדוויי! — דאָ ווערט אַמעריקע געמוסטערט, גע־פורעמט. פון דאַנעט ווערט אַמעריקאַנישקייט איבער'ן לאַנד צעשיקט, איבער שטילע שטעט און ערלאַכע דערפלאַך. דאָרט ווערט די ריינע לופט מיט בראָדוויי־עסענץ פאַרשטונקען. דאָרט טוען פרויען אויס די שענסטע פּנים'ער און טוען זיך אָן די מאַסקעס, וואָס בראָדוויי מאַכט פאַר מאָדע...

יעדער שטאָט און שטעטל איבער אַמעריקע ציט זיך

צו בראָדוויי. יעדער קוימען־רויך — נייגט זיך אהער. יעדער הארצקלאַפּ — שלאָגט אהער.

ביינאַכט אַרבעטן באַנען אין די אינגעווייד פון ניו יאָרק. סאָפּען שיפן. הייצערס שטייען ביי די פייערס. אָנלאָדערס לאָדן־אויף און אָפּ.

א פויער האָט זיך א גאַנצן זומער אָפּגעמיט, ס'קעפּל אַספּאַראַגוס מיט זיינע טרערן באַגאָסן, מיט זיין שווייס... דער פישער האָט דעם „אויסטער" אין זיין בלאָטע־בעיט אויפ'ן דנאָ פון מגפה'דיקע, עיפּוש'דיקע בוכטעס געזוכט. אין פייכטע ווינקעלערס האָט דער אָרימער פראַנצויז אָדער איטאַליענער דעם וויין געצייטיקט, און — רומאַטעס באַקומען. דער גערטנער האָט זיינע בורשטין־פאַרביקע רויזן און זיינע כריזאַנטעמען הינטער א גלאָז געוואַרימט, אינמיטן דער נאַכט אויפגעשטאַנען, זיי איינגעדעקט קעגן פראָסט, געציטערט איבער זיי, ווי איבער אייגענע קינדער. אינ'ם אָפּעַנעם מויל פון בראָדוויי פליִיצט אַלץ אריין אזוי גרינג, אזוי שטיל, אזוי גלאַט, גלייך ווי דער הימל וואָלט גערעגנט מיט רויזן און די פּירות פון דער ערד וואָלטן זיך געגעבן דעם מענטשן אזוי גרינג, ווי זינג־מיידלאך...



# אַגנעס קאַרסאָן

בראָדוויי איז דער משוגענער פורעם פאַר דעם דריידל, וואו אויף אַלע זייטן איז אויסגעצייכנט „נס" אָדער „גדול"...

הערט זיך איין אין דעם גהינום־טומל פון בראָדוויי! זעט די אויסגעפוצטע העררן־אין־פראַק, די דאַמען — אין „פעיסלי־שאַלן". אין זיידענע ליגנס אָנגעטאָן... זעט דאָס 15טע יאָרהונדערט, ווען מ׳טריקנט מענטשלאַך בלוט און מ׳מאַכט דאַפון ביסקוויטן, מ׳צערייבט די ביסקוויטן אויף פודער און מ׳מישט עס מיט׳ן שמעק־טאַבאַק! זעט דעם אומזין פון אַ גאַס, וואו איין קול שלינגט איין ס׳אַנדערע קול, און די אויערן הערן נישט אפילו די רויטע טראָפּן, וואָס קאַפּען פון זיי, ווען אַ גאַסן־יונג רייסט פון זיי אַראָפּ די אוירינגלאַך!

און קען מיר אפשר עמיצער זאָגן: וואו ליגט דער כישוף פון דער מיאוסער־שיינער גאַס? דער כח צו באַפעלן דער קונסט, זיך אויסצעטאָן פון איר רעליגיע, און פאַר־קויפן איר גאָט פאַר אַ טאָפּ ליגזן?

אָט־דאָ־אָ ליגן ביי די טעמפּלען־שוועלן הויפנס מיט צעבראָכענע מזוזות, צלמים, סוואַסטיקאַס, האַלבע־לבנות... דאָ קומען די חוזק־האָרדעס מיט פאַקלס אין די הענט, גייען אַ טאַנץ אַרום דעם גאָלדענעם חזיר, און שרייען: הללויה! דאָ הויערן אַרום די הינטערטירלאַך פון די טעאַטערס צע־בראָכענע לעבנס. דאָ וואַרפט זיך דער געשענדטער צייט־גייסט פונ׳ם פענצטער אַרויס, און אַלע קלאַפּן „בראַוואָ!".

אַנו, זעט נאָר! דאָרט ברענט אַ ריזיקע עלעקטרישע שילד — אַ מייסטערשטיק, אין פייער! וואָס זאָגט־אָן — פאַר טויזנט דאָלאַרן אַ שעה — די גרויסקייט פון אַ געווויסער האָר־נאָדל, די פאַבלדיקע רייכקייט און

פאַרשווענדערישקייט פון יענער פירמע. און אונטן, ביים ווינקל־גאַס, אין שאָטן פון דערזעלבער רייכער שילד, זיצט אַ בעטלער אָן פיס אויף דר׳ערד, בעט ביי אייך, איר זאָלט קויפן פאַר אַ סענט אַ פּעקל פון יענע באַרימטע האָר־נאָדלען...

בראָדוויי, בראָדוויי !.. דו משוגענער שכל פון אַ שכל׳־דיק־משוגענער צייט !...

און פאַרקערט, דאַכט זיך אַמאָל אויס, אַז בראָדוויי איז די קלענסטע גאַס אין דער וועלט. בראָדוויי איז אַ קליין שטעטל, געמיטלאַך, היימיש, איינער קען דעם אַנדערן ביים נאָמען, ווייסט, וואָס ביי אים אין דער היים קאָכט זיך אין טעפּל... מען ווייסט אפילו איינער דעם אַנדערנס שלאָף־צימער־סודות...

ס׳איז דינסטיק אַרום עלף אינדערפרי, אַ שטייגער. די גאַס איז נאָך פאַרשלאָפן פון דער נעכטיקער נאַכט. זי האָט אַזוי ווילד געהוליעט ! אוי פיל געטרונקען ! אַזוי פיל געפרעסן ! אַזוי פיל געהורט ! איצט איז זי מיאוס־מיד... אויסגעלעבט... זי גיט זיך ס׳וואָרט, אַז מער וועט זי עס נישט טאָן... לאָז נאָר אַריבערגיין דער קאָפּווייטאָק !...

ביים גרויסן טעאַטער שטייען מענטשן און געניצן. דער טיר־וועכטער הענגט אַרויס די נייע פּלאַקאַטן. דער נעגער פּוצט דאָס מעשווארג אַרום דער קאַסע, די פּאַרענטשעס... די ראַם מיט דער גרויסער שוישפּילערינ׳ס בילד.

עס קומט אָן די שוישפּילערין אַליין אַנגעם קאַרסאָן. זי איז קראַנקליך, האָט „קישעלאַך״ הינטער די אויגן, אַף די הענט שטייען הויכע, בלאָע אָדערן.

זי רעדט שטיל, הייזעריגלאַך. דער עלנד ווייגט פון איר אַרויס. די גרויסקייט איז שוין דערעסן ווי ס׳שענסטע קלייד, וואָס מ׳טראָגט אינדערוואָכן. די בלומען וואָס מ׳ברייננגט איר נאָך דער פאָרשטעלונג לאָזט זי איבער אין טעאַטער, גיט זעלטן אַ קוק אַף זיי. אַמאָל אפשר אָפּן צעטל, וואָס איז צוגעטשעפּעט צו די בלומען...

— „איך, איך, איך!" שרייט עס אין איר. איר גאַנץ וועזן איז דורכגעקלונגען מיט דעם קלאַנג „איך"... עס שטופּט אַרויס אַלע אַנדערע רירונגען... עס זשומעט אין די אויערן. עס דרייט זיך פאַר די אויגן...

— איך, איך, אַגנעס! אַגנעס! קאַרסען, קאַרסען!..

און ווען דאָס קרענקליכע „איך"־געשריי שטילט זיך איין אויף אַ מינוט, וועקט זיך די גרויסע שווישפּילערין אויף, דערפילט אַז ס'איז פרילינג אַף דער וועלט.

אין דער היים, אין'ם נייענגלאַנדישן שטעטל, פון וואַנען זי קומט בליט איצט דער קאַרשענבוים לעבן זייער שטיבל. דאָס שטאַכעטל איז פריש אָפּגעפאַרבט... דער בלאָ־טיגער וועג הויבט אָן טריקענען. די צוויי יונגע פערד שטייען אין פעלד, איבערגעלייגט אַ האַלז איבער אַ האַלז. דער ברוינער הונט ליגט לעבן פלימפ און וואַרעמט זיך... די מאַמע באַקט געשמאַקע „פּאַיס"... אַגנעס פילט דעם ריח פון דינע, ברוינע שטיקלאַך חזיר־פלייש, וואָס זינגן אויף דער בראָט־פאַן...

דער טאָג ווערט עלטער, ראַשיקער, עס קומען זיך צונויף מענטשן. אידן פון קליינע שטעטלאַך פון אַלע עק־וועלטן, ווען דער גליק־ווינט האָט פאַרטראָגן אַהער. זיי די שליסלען צו קונסט איבערגעגעבן; זיי, די בלינדע, פאַר וועכטער געמאַכט איבער דעם ליכט־טורם, אַפן שטורמדיקן ים.

אַגנעס חלום'ט:

דער טאַטע ציהט אָן די גרויסע זעג, קרימט אויס איין צאָן אַהער, איין צאָן אַהין און לאָזט זיך צום האָלץ־שטעלכל, וואו די איינגעשפּאַרטע קלעצער ליגן צעוואָרפן ווי קנופּיקע עקשנות'דיקע קעפּ, וואָס מ'קען צו זיי ניט רעדן מיט גוטן...

די גרויסע שווישפּילערין זעט זיך צוריק אינדערהיים. ווי גוט דאָס איז, ניט צו האָבן קיין „רעפּעטיציעס", נישט אַרויסערגערן זיך ס'האַרץ צוליב אַ שלעכטן נאָטיץ אין דער

פרעסע... נישט דארפן מאכן גלויבן אנדערע אין דעם וואָס מ׳גלויבט אליין נישט און שרעקן זיך טאָמער וועט זיך עמיצער דערוויסן...

אגנעס קארסאָן דערמאָנט זיך אָן איר יוגנט. עס קומט איר אפן זין איר ערשטע באקאנטשאפט מיט קנוט׳ן... א הויכער יונג ווי א ווערבע, און שטארק! ער האָט געקענט איינבייסן קופערנע מטבעות... און אזא פרעמדער..... פון א פרעמד לאנד... פון טראנסילוואניא דאכט זיך. און ער האָט געזונגען אזוי שיין... געקומען איז קנוט ווי א זומערגאסט אין א דערבייאיקן האָטעל... ער האָט אויסגעזען אזוי מאָדנע, מיט א דייטשער פעלערינע אף די אקסלען, הויכע וואָנצעס... א בליק, וואָס באצווינגט אלע אנדערע בליקן „א פרינץ"...

די שוישפילערין דערמאָנט זיך אף דעם פלאַץ בא זיי אין סאָד, הינטערן עפלבוים. די לבנה האָט געקוקט און געזאָגט:

„מען מעג"... נאָר דער שווארצער הונט, האָט געריסן קנוטן בא די קליידער... נישט צוגעלאָזט צו איר...

אָבער די קליינע גערטנער־עקסקורסיע מאטערט איין...

דאָס וואָרט „איך, איך" לויפט ווידער פאר די אויגן... דרייט זיך און פארמעקט אלצדינג... איר נאָמען אגנעס קאר־סאָן פילט אויס די וועלט... איך, איך איך, אגנעס, אגנעס, קארסאָן, קארסאָן!

צוויי באקאנטע טרעפן זיך.

— וואָס מאכט מען, מר. האפשטאנג?

— אָלרייט. מיר ברענגען ארונטער די פעטערבורגער טרופע... מירן אייך שלאָגן טויט...

— גיב אכטונג, סיגל, ועסט זיך דערווערגן.... דער ביסן איז צו גרויס...

—דו קענסט נישט מיין האלז!

— דו נעמסט זיך אונטער צו גרויס!

— ווי מען נעמט זיך אונטער אזוי העלפט גאָט!

ביידע הויבן די היט. שמייכלען מיט מורא׳דיק פאלשע

צייך. ווינשן זיך שטילערהייד איינער דעם אנדערן דעם טויט און זאָגן:

— מיט גליק!

— אויף ווידערזען!

פון אַן אַנדער טעאַטער־טיר קומט אַרויס אַ דינער, הויכער מענטש, פון אַ יאָר 36. ער האָט שיינע האָר, ווי ענגלאַך ווייַנטרויבן וואָס זייַנען פאַרכאַפּט געוואָרן פון פראָסט. ס'איז דער טעאַטער־קעניג מערינאַדי. ער לייַדט אויף די נירן, קען זיין, אַז ער האָט גאַל־שטיינער אויך... דאַרף זיך לאָזן אָפּערירן, האָט אָבער קיין צייט נישט. ער דאַרף גראַד איצט שטעלן זיין גרויסן ספּעקטאַקל „דער בעל־שם".

ער איז ערשט אַרויס פון דער פּראַקטיקער לאַוואַטאָרי, אין זיין טעאַטער. (די לאַוואַטאָרי אַליין האָט געקאָסט 10 טויזנט דאָלאַר! ס'איז אַ מייסטערווערק!) ער פילט גרויסע יסורים, אַרום דעם רוקן... אין מויל איז אַ שלעכטער, זויער־ליכער טעם ווי פון מעטאַל... — דער טויט גייט נאָך פון הינטן. דער דירעקטאָר איז שטאָלץ און ווירדיג... ער איז קעניג... ער וועט פאַלן מיט דער קרוין אויפן קאָפּ...

— אָט גייט מערינאַדי!

עטלאַכע מענטשן ציען די היט, באַגריסן אים זייער העפלאַך און ריידן צווישן זיך שטילערהייד, אַזוי, אַז מערינאַדי זאָל נישט דערהערן:

— אַ גראָבער פליגל!

— וויל פאַרזשעברען די וועלט!

— טוט אָן גאָט אַ טיזליק מיט זיין קונסט!

— האָט אַ טריפה'נעם מזל.

— געליימט זאָל ער ווערן...

אַ צייטונגס־רעפּאָרטער פאַרלויפט מערינאַדי'ן העפלאַך דעם וועג, גריסט, שטעלט אים פראַגן וועגן דעם נייעם גרויסן ספּעקטאַקל... ער וויל וויסן וועגן דער נייער טעכניק... צי ס'איז אמת, אַז אַנשטאָט דעקאָראַציעס, נוצט מען לעבעדיקע מענטשן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ באַוועגלאַכע וואַנט.

מערינאַדי רעדט געציילטע ווערטער, ווירדיג, געלאַסן, חיטרע.

— אז די צייט וועט קומען, וועט מען וויסן!

דער קעניג נאַרט אָפּ, ווייל דער קעניג דאַרף אָפּנאַרן. ער איז שטאָלץ באַ זיך... אָבער די יסורים אין רוקן זיינען גרויס. דער טויט גייט־נאָך פון הינטן... ווען מערינאַדי זאָל ניט זיין אַ פאַרנומענער גרויסער מענטש, וואָלט ער אפשר גע־האַט צייט זיך צו מאַכן אַן אָפּעראַציע און ראַטעווען זיך, אָבער אַזוי... ווער ווייסט צו וועט באַטש די לויה נישט אויסקומען אום שבת? די מענטשן וואָס זענען באַשעפּ־טיקט אַרום זיין טעאַטער, וואָלט עס זייער פאַרדראָסן ווען ער מאַכט זיי קאַליע אַ „מאַטינע"!

אָבער טויזנטער יונגע, געזונטע מענטשן זעען מערינאַ־די'ס בילד אין די צייטונגען, הערן די לעגענדע פון בראָד־וויי... מיינען, אַז אַ גרויסער נאָמען איז טאַקע עפּעס אַ זאַך וואָס האָט אַ ווערט... און זיינען מקנא דעם קראַנקן מענטשן, וואָס דער טויט לויפט אים נאָך פון הינטן, גרעסער און גע־טרייער ווי דער סאַנקט־בערנאַרד, וועלכער באַגלייט אים אַף זיינע זונטיקדיקע שפּאַצירן.



## וואו דאָס לעבן זינגט.

עס איז געווען פרי אין ווינטער. קליינע פרעסטלאך זיינען געקומען באַנאַכט און אוועקגעגאַנגען מיטן טאָג. דאָס שטעטל איז געוואָרן ריין. אַ הויך פון פרישקייט, פון יונגער פריקייט, האָט גענידערט פון די בערג. די פאַרבליבענע שטרוי אויפ'ן מארק זענען געווען ווייס־פאַרפראָסטיקט. די וועלט איז געווען ווי פון מוטערפּערל אָנגעוואָרימט מיט אַן איידעלן גאָלד־אָטעם, פון אַ גוטער, שטילער זון, וואָס גייט און קומט און קען אליין ניט פועל'ן באַ זיך א י נ ג אַ נ צ ן צו בלייבען דאָרטן — הינטערן אָפּגעלופּעטן טרויעריקן בארג־שפּיץ.

פון די קליינע שטיבלאך האָבן זיך געצויגן פאַרבענקטע געל־גרינע רויכלאך צום הימל. עפּעס ווי די קוימענס וואָלטן געוויינט מיט רויך, זיך געשטיקט מיט קויקלדיקע טרערן, איבער זייער מזל.

די צייט איז געשטאַנען איבערן שטעטל, ווי אַ פאַר־גליווערטער, שיין־איבערגעצויגענער זומפּ. וואָס זאָל טאָן דער טאָג מיט זיך אין אַזאַ עלנד העק? צווישן וועמען זאָל ער זיינע רגע'ס צעטיילן, ווען די רגע'ס זיינען אַזוי פיל און די מענטשן אַזוי ווייניק?

איך בין אומגעגאַנגען פאַראומעטיגט. מיין געלעכטער האָט געהאַט פאַרבונדענע פליגעל. דער טייך, וואו איך האָב זיך אַ גאַנצן זומער געבאָדן, אריינגעלאָכט אין וואסער אריין, „געלייגט לאַבעס" „געשוואומען אַ בענקעלע", געגאַנגען אַ „קוממית", זיך אָנגעפרייט מיט דעם וואסער־גלאַנץ און וואַ־סער־גערויש ביז אומזיניקייט — אָט־דער טייך איז איצט גע־ווען קאַלט און בידנע. די פאַליעס האָבן זיך געשלאָגן איינע מיט די אַנדערע, געוואָלט וואָס גיכער צוקומען צו די שליוזעס

און זיך דער׳הרג׳ענען. די אומרו פון משוגעת, די זעלבסט־נקמה פון א מאניאק, איז געלעגן אין זייער געלאף.

דאוויד איז געהאט אוועקגעפארן צוריק קיין דייטש־לאנד, אינאיינעם מיט זיין טאטע־מאמע, און מיט זיין שוועסטער „פרידא", וואס איך האב שטילערהייד ליב גע־האט פאר די שיינע דייטשע ווערטער וואס זי האט גערעדט מיט מיר.

— דו, בורש... געהט׳ס דיר גוט?... געפאלט׳ס דיר היער אין דיזעם נעסט?

א נעסט? יא טאקע א נעסט. מענטשן שלעפן צענויף שטרויעלאך, ליים, שטיקלאך האלץ, קנעטן אויס „וואליקעס" פלעכטן אויס א שטוב... שטייט זי. פון אויבן אויף די „ריפן פונ׳ם דאך", הייגגט א פענדל, וואס דאס געזעץ הייסט ארויסשטעלן... שטייט די נעסט איין זומער און נאך א זו־מער... און נאך איינעם... וואקסן־אונטער קינדערלאך, זוכן זיי שטיינדלאך, שלעפן צענויף זאמד... גיט מען א גוי א שטיקל איבערגעבליבענעם קאלטן קוגל אדער א מוציא ווייסע חלה, ברייננט ער א האק מיט א פיקע. האקט מען אביסל... גראבט מען אביסל... יעדער איד וואס גייט פארביי גיט א גראב און זאגט, אז די פריערדיקע ארבעט טויג נישט... גייט ווידער א זומער און א ווינטער און א זומער. וואקסט אונטער נאך א קינד... העלפט עס טעסען באלקנס, ברוסעס...

ווארפט די קו אפ נאך א ביסל מיסט... גיט מען עס דעם גוי, דעם שכן, פירט ער אן א פורעלע ציגל פאר׳ן קוי־מען... ברייננט ער א לאנגע זעג, אויף צו זעגן די קראקוועס און ווייזט ווי אזוי ארייגצוהאקן די טשוועקעס, זיי זאלן זיך נישט שטעלן פאפעריק. ווערט מיט דער צייט א נעסט... און ווען דער דאך איז ניי, איז שוין דער פונדאמענט אלט.

יא, א נעסט, א נעסט... איך בין א פייגעלע אין א נעסט... בייגאכט פלי איך הויך און ווייט, און ס׳דאכט זיך מיר, אז איך חלום דאס בלויז... אבער איך קנייפ זיך אין ארעם, און ס׳טוט וויי... איז א סימן, אז ס׳איז נישט קיין

חלום... איך פלי און פלי איבער׳ן „חדקל״, ביז לייפציג... דארט עס איך שאקאלאד, און דאוויד רעדט צו מיר וועגן ליבע... און מיר גייען איבער׳ן פעלד, און מיר זינגען: „אוי, גוטער ברודער, ס׳איז זיס ווי מאלץ ביי א מיידעלע אויפ׳ן האלז״... דערנאך קומט דאוויד׳ס שוועסטער און רעדט צו מיר אויף איר איידעלן דייטש:

— דו, בורש! גייט׳ס דיר גוט?... געפאלט׳ס דיר היער אין דיזעם נעסט?...

דאוויד איז איצט געווען צוריק אין דייטשלאנד... איך בין געבליבן דא אליין מיט דער מאמען, וואס האט שטענדיק געערדט פון דער פאסט און פון אמעריקע, און פון שיפסקארטן. זיך געגרייט צו פארן צום טאטן, און דערווייל צעטיילט אלצ־דינג, וואס זי האט פארמאגט, גלייך ווי אין אמעריקע דארף מען קיין קליידער נישט טראגן, קיין טישטוכער דעם טיש צו פארדעקן... אפילו די וואלענע שאל האט די מאמע אראפ־גענומען פון אירע אקסלען און אוועקגעגעבן מיין גוי׳עשער „ניאניע״, וואס איז געקומען צו אונז צוגאסט, מיך שטארק ארומגעכאפט, געדריקט צו זיך, מיר געוויזן די שיינע, ווייסע בריסט, מיט וועלכע זי האט מיך אויפגעצויגן.

— וואט, וואסארא קעלבעלע דו ביזט געווען — האט זי געוויזן, און צענויפגענומען די הענט און זיי געהוידעט, ווי מ׳הוידעט א קינד... — אט אזוי־א, טאג־ווי־נאכט... נאר די ברוסט...

די גויע האט ארייגגענומען צוריק די גרויסע, שיינע בריסט... זיך געווישט די אויגן... מיך געדריקט צו זיך. איך האב זי אפגעשטויסן... און געטראכט א זינדיקן געדאנק... אבער עס איז מיר געווען דערווידער ס׳געפיל פון געטיילטער מוטערשאפט, וואס די גויע האט געטיילט מיט מיין מאמע׳ן.

א צווייטן מאל איז די גויע געקומען, ווען איך בין געלעגן אין בעט. זי האט געפרעגט אויף דער מאמע׳ן, וועלכע איז געהאט אוועקגעגאנגען אויף דער פאסט. מיך

געזאָגט, אז זי האָט געבראַכט א שאָק אייער, געלויבט מיין מאַמעניו... זיך גע׳צלם׳ט... זיך דערמאָנט, ווי שטארק זי האָט מיך ליב געהאַט, ווען איך בין געלעגן ביי אירע בריסט. איר מאַנסבערו האָט זי אפילו איינמאָל געשלאָגן דערפאַר, געזאָגט, אז ס׳איז נישט שיין זיך אַזוי אָפּצוגעבן מיט אַ אידיש קינד... אָבער איצט, אַז איר איינן זונעלע איז געשטאָרבן. —

די גויע האָט מיך געגלעט, געקושט... מיר איז געווען זייער פּריקרע און היים און אַנגענעם. זי האָט ארונטערגע־גנב׳עט די האַנט אונטער מיין קאָלדרע, מיך געגלעט אויפ׳ן בויך... דערנאָך ארונטערגערוקט דעם קאָפּ...

אַ מיאוס געפיל, ווי אַ זשאַבע וואָלט אַ שפּרינג געטאָן איבער מיר, האָט מיך אָנגענומען פון איר בארירונג... מיין דערוואַכונג האָט באַדאַרפט מילדקייט, רחמנות... שיינקייט...

איך האָב די גויע אָפּגעשטופּט פון זיך, זיך פעסט ארומ־גענומען מיט דער קאָלדרע פון אַלע זייטן... און שטיל גע־ריסן פון זיך די הויט...

מיר איז געווען, ווי מיין גאַנץ יונג לייב וואָלט געווען פאַראומרייניקט, און איך מוז פון מיר די הויט אראָפּרייסן...

די געשעעניש איז טיף און שווער אריינגעזונקען אין מיין לעבן... און האָט אין מיר, די ערשטע, אויפגעוועקט די גרויסע שנאה, אַז וועלכער מען קען נישט ליב האָבן די פרוי...

# „פיצי״ האָט חתונה !

„פיצי״ האָט חתונה געהאַט מיט טשאַמקאַדיראַ׳ן.

די חתונה איז געווען אַ סענסאַציע. די צייטונגען האָבן אַ סך געשריבן וועגן דעם. איבערהויפּט די אידישע צייטונגען. זיי האָבן געגעבן די בילדער פון די „חתן־כלה״, די ביאָגראַפיע פונ׳ם חתן — אויף אַזוי פיל, וויפיל ער האָט געהאַט אַ ביאָגראַפיע. זיך געגרויסט מיט דעם פאַקט, וואָס אַ באַקאַנטע קריסטלאַכע שריפטשטעלערין טוט אונז אָן דעם כבוד און האָט חתונה מיט „אונז״...

טשאַמקאַדיראַ האָט אַ צוויי וואָכן פאַר דער חתונה נישט אַראָפּגעלאָזט די „בינדע״ פון די וואָנצעס, כסדר געמוטשעט די וואָנצעס אַרויף, ווי ער וואָלט וועלן, זיי זאָלן אַריין אין הימל אַריין...

אין קינסטלערישן קאַפּע זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז „פיצי״ שטאַמט פון לאָרד בייראָן... אַז זי האָט אַ שלאָס אין שאָטלאַנד... אַז אַ דייטשער גראַף איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד צוליב איר...

„פיצי״ אַליין האָט געשמייכלט מיט די אויגן, וואָס זענען געווען בלאָ ווי רייז־וואַסער. איר אויסדרוק פון דערנעהענטערונג צום אידישן פאָלק האָט אָנגענומען אויסטערלישע פאָרמען. אַנשטאָט וואָס ביז איצט איז „פיצי״ געווען אַ שטילע אַנטיסעמיטקע, איז זי איצט געוואָרן דרייסטער, אָפענער. נאָכגעזאָגט עפּעס אַ גוי׳עשן שריפטשטעלער, אַז די אידן נעמען איבער די חסרונות פון יעדן פאָלק, אין וועמענ׳ס לאַנד זיי לעבן, און זיי ליגן נאָך צו זייערע אייגענע אויך. געמאַכט די ווילדע באַהויפּטונג, אַז אַ פאָלק, וואָס שרעקט זיך פאַר בלוט, איז אַ דעגענערירט פאָלק, און אַז דאָס, וואָס אידישע מענער פרייזן אַזוי די

בתולה׳שאפט, איז דאָס בלויז דערפאַר, ווייל זיי זענען צו־גרויסע טרוסן צו פאַרגיסן בלוט אויף אַ העלדישערן אופן.

טשאַמקאַדיראַ האָט גאָר אַנגעקוועלט פון זיין פיצי׳ס חכמות, איר געקלאַפּט אין די שמאָלע פּלייצעס אריין און געזאָגט: „בראַוואָ!“...

די אידישע צייטונגסלייט און שריפטשטעלער האָבן ארומגערינגלט טשאַמקאַדיראַ׳ס טישל, ביי אים געפרעגט מיינונגען וועגן זייערע לעצטע „זאַכן“. זיך געפילט גוואַל־דיק שטאָלץ, אַז טשאַמקאַדיראַ האָט געזאָגט, אַז ס׳איז ניט זייער שלעכט, און באַלד זיך פאַרכאַפּט און צוגעגעבן:

— לויט אַזאַ שפּראַך, ווי אידיש, פאַרשטייט זיך!...

קיינער האָט זיך נישט באַליידיקט. מען האָט זיך נאָר געפילט געקריינקט. אומגוציק... טשאַמקאַדיראַ האָט מיט זיין גרויסן קול און מיט זיינע זיכערע בליקן אויסגע־פילט דעם גאַנצן קאַפע. אין דרויסן, פאַר דער טיר פון אָרימלאַכן קאַפע, איז געשטאַנען „פיצי׳ס“ טייערער אָטאָ־מאָביל. אינווייניק זענען אויףביידע זייטן געווען וואַזן מיט לעבעדיקע בלומען... אַן עלעקטרישער ציגאַר־אַנצינדער, אַ פעכער, אַ טעלעפאָן, ארויסצורייזן צום שאָפער... לע־דערנע טאַשן פאַר צייטונגען און ביכער... אַ קליין טישעלע אויף צו שרייבן... אַן אַפּאַראַט, וואָס האָט אָנגעזאָגט דאָס מאָרגנעדיקע וועטער... דער בלייכער, טייגיקער הומאָריסט פונ׳ם קאַפע האָט שטילערהייט יעדן איינעם איינגעראַמט אין אויער זיין חכמה וועגן דעם, אַז „טשאַמקע“ האָט חתונה מיט אַ גוטער מאַשין און מיט אַ שלעכטער שיקסע... און אַז זייער מאַשין וואָלט נאָך באַדאַרפט האָבן אַ וואַנע אויך און וואַסערלייטונג — וואָלט זי שוין געווען מיט אַלע מעלות...

טשאַמקי האָט געטרונקען ווי אַ פיש. אריינגעגאָרגלט דעם סאַמעטענעם, געלן וויין, אַרויפגעשאַרט די וואָנצעס, געמאַכט „קלאַ“... געדערט פון זיין חתונה מיט דער שיק־סע... און גרויס הנאה געהאַט פון דעם וואָרט שיקסע...

„פיצי״ האָט געשמייכלט מיט די פיין־געפּוצטע ציין, צו־רעכט געמאַכט דאָס זילבערנע בענדעלע אַרום איר שטערן, אַ וואָרף געטאָן מיט אירע פיינע טיציאַנישע האָר און גע־זאָגט:

— יאָ, איך בין אַ אידי־שע שיג־סע!...

אַלע האָבן שפּל׳דיק געלאַכט. טשאַמקאַדיראַ האָט זיך אויפגעהויבן אַביסל שיכור׳לאַך, געפּרופט אָפּטשעפּען פונ׳ם האַקן „פיצי׳ס״ גרינעם מאַנטל, זיך געפּלאָנטעט, אַרויסגע־לאָזן אַ פראַנצויזיש זידל־וואָרט... דער דייטשער קעלנער איז הכנעה׳דיק אונטערגעלאָפן און געזאָגט:

— יאָ, הערר באַראָן... ענטשולדיגען זי, הערר באַ־ראָן!! — אַראָפּגענומען „פיצי׳ס״ מאַנטל פונ׳ם טשוואָק... איר געהאָלפן אים אָנטאָן. „פיצי״ האָט זיך ענג אַרומגע־וויקלט, צענויפגענומען די ברעגן פון איר מאַנטל, ער זאָל זיך חלילה נישט אָנרירן אָן עמיצן פון יענע־אָ... געשמייכלט מיט אירע ווייסע ציין. זי איז זיך געווען באַוואוסט פון דעם פאַקט, אַז זי איז פון העכערן וואוקס, ווי אַלע אידישע מיידלאַך אין קאַפע, און אַז אירע געפּלעקטע הענט זענען זייער דין, און עס זעט זיך כמעט דורך ס׳בלאָע בלוט...

טשאַמקע האָט אַ מאַך געטאָן מיט׳ן ווייכן הוט, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט, מיט אַ קונציקן וואָרף אַרויפגעשליידערט אויפ׳ן טיש אַ מטבעה פאַר׳ן קעלנער, נעגעבן אַ באַרשט־אַרויף די וואָנצעס, גענומען זיין „שיקסע״ אונטער׳ן אָרעם און זיך געלאָזן צו דער טיר. דאָ איז דער הכנעה׳דיקער דייטשער קעלנער ווידער אונטערגעלאָפן, מיט גרויס אימפּעט, ווי ס׳וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן פאַרמיידן אַן אומגליק, האָט מיט׳ן פוס אָן עפן געטאָן די טיר, און געזאָגט:

— גוטע נאַכט, הערר באַראָן... דאַנקע, הערר באַראָן! מיינע האָכאַכטונג, הערר באַראָן!

טשאַמקע האָט ווידער אַמאָל אַ מאַך געטאָן מיט׳ן

ווייכן הוט, גאָרנישט געזאָגט, נאָר זיינע אויגן האָבן זיך נעפּרעגלט אין הייסן האָניק...

די אידישע קינסטלער האָבן דאָס פּאָרל ארויסגעבאַגלייט מיט פּאַרבענקטע, קנאַה׳דיקע בליקן, זיך פאַרטראַכט איבער זייער אייגענעם קליינעם מזל און אויף א ווײַלע אויפגעהערט צו מישן מיט די לעפעלאַך די נודנע טיי.

דער אונגאַרישער באַלעבאָס פונ׳ם קאַפע האָט אָפּגעראַמט טשאַמקע׳ס ליידיק־געוואָרן טישל... צוגענומען די גלעזער און די טעלער און די פלעשער, געגעבן א לעצטן וויש מיט׳ן ברודיגלאַכן פאַרטוך און געזאָגט:

— איכ׳ל אינען אמאָל דערציילן ווער טשאַמקע איז!...



## ..ווי אידישע דיכטער.

נאָך דער חתונה האָט טשאמקע צעשיקט קארטלאך צו צוויי באַקאַנטע אידישע קינסטלער, זיי זאָלן אים קומען באַזוכן אין זיין סטודיע אויף דער 59טער גאַס. די קינסטלער האָבן זיך געפילט זייער שטאָלץ פון דער אַיינלאַדונג, געוויזן די גאָלד־גראַווירטע קאַרטלאַך צו אַלע אין קאַפע... איינער האָט עס געטאָן נאַריש, מיט אַ צווייידייטיק וואָרט־שפּילכען: טשאַמקע וויל מיר ווייזן צי פּיט־זי... (פּאַסט זי). דער אַנדערער האָט כלומר'שט, צווישן אַנדערע קאַרטלאַך, וואָס ער האָט געזוכט אין וועסטל־קעשענע, געפונען אויך די איינלאַדונג, געזאָגט: אָט האָסטו דיר! טאָמער האָב איך היינטיקן דאָנערשטיק געהאַט אַ פרייען טאָג, מוז איך גיין צו אונזער טשאַמקע'ן אויף כיבוד... און ער האָט צוגעגעבן: איר ווייסט דאָך — מען מוז גיין צוליב א י ר . . . זאָל זי נישט זאָגן, אַז אידן האָבן נישט קיין מאַניערן.

דאָנערשטיק, אַרום עלף אינדערפרי, האָבן ביידע באַקאַנטע אידישע קינסטלער זיך אָנגעטאָן יום־טוב'דיק, גענומען אַ טעקסי, צוגעפאָרן מיט האַרצקלאַפּעניש צו דעם אַריסטאָקראַטישן סטודיע־הויז אויף דער 59טער גאַס. געבליבן שטיין און באַצאָלט דעם טעקסי־יונג אפשר דריי מאָל אזוי פיל, ווי עס איז געקומען. דער יונג האָט זיי אָנגעקוקט ווי משוגע, און אפילו נישט געזאָגט קיין דאַנק.

ביי דער טיר האָט זיי איבערגענומען אַ לאַקיי אין אַ מונדיר, געבעטן זייערע וויזיט־קאַרטלאַך. ביידע האָבן נישט געהאַט ביי זיך קיין וויזיט־קאַרטלאַך, האָבן זיי זיך פאַרשעמט און געזאָגט:

— ס'איז שוין רעכט, זאָגט דעם היזר טשאַמפּאַדירא, אַז די אידישע קינסטלער זענען געקומען.

דער לאַקיי האָט באַטראַכט זייער הולך, זייער איבער־געטריבענע אויסגעפּוצטקייט... געזאָגט, אַז סיניאָר טשאַמקע נעמט נישט אויף אַזוי פֿרי. ביידע זענען געבליבן שטיין אין אַ פֿאַרלעגנהייט. דער „גרינגערער", וואָס האָט ליב געהאַט צו מאַכן וואָרט־שפּילן, האָט געזוכט עפּעס אַ וויץ און נישט געקענט געפֿינען... האָט ער געזוכט אין קעשענע, און נישט געוואוסט, צי ס'פּאַסט „אונטערצעקויפֿן" דעם לאַקיי, צי נישט... ס'איז אים געקומען אויפֿ'ן זין אַן ענלי־כער פֿאַל אינדערהיים, אין רוסלאַנד, ווען ער האָט באַדאַרפֿט צום גובערנאַטאָר... און ווי מ'האָט אים נישט אַריינגעלאָזט... האָט ער זיך מישב געווען, ער וועט אַריינשטופּן דעם „ערל ביי דער טיר" עפּעס אין יד אַריין... האָט ער אַזוי געטאָן, האָט אים יענער אָנגענומען ביים קאָלנער און אַרויסגע־וואָרפֿן... און אים נאָכגעזידלט — עד היום ווייסט ער נישט, צי ער האָט געגעבן צו ווייניק, צי וואָס...

אָבער בעת דער „גרינגערער" קינסטלער האָט אַזוי געטראַכט, איז דער אַנדערער געקומען צו־זיך, זיך דער־מאָנט, אַז ער האָט ביי זיך די גאָלד־גראַווירטע איינלאַדונג פֿון טשאַמקאַדיראַ'ן, האָט ער עס אַרויסגענומען און גע־וויזן דעם לאַקיי, האָט זיך יענער באַליידיקט און געזאָגט: „טאָ וואָס־זשע האָט איר באַלד אַזוי נישט געזאָגט", און זיי אָנגעוויזן מיט אַ שפּיצפֿינגער, וואו דער „עלעווייטאָר" איז...

ביידע זענען צעטומלטע אַרויף אויפֿ'ן „ליפֿט", זיך אַנגעקוקט אין די שפּיגלען און זיך דערשראָקן פֿאַר זייער בלייכקייט. זיי האָבן זיך צערעכט געמאַכט די קראַוואַטן, אַראָפּגענומען די היטלען... דער נעגער־יונג האָט גע־שמייכלט, געגעבן זיי אַ שנעלן „צי־אַרויף". ביידע זענען נישט געווען געוואוינט צו פֿאָרן אויף אַ „ליפֿט", האָבן זיי געהאַט ס'געפֿיל, ווי מ'וואָלט זיי אַ זעץ געטאָן אין בויך...

און עטלעכע רגע'ס זענען זיי געשטאַנען אויבן, אין אַ לאַנגן קאָרידאָר מיט טיפֿע טעפּיכער אויף די דילן... אַ סך

שפּיגלען. רויטע פייער־סיגנאַלן, טעלעפאָנען, געפלאָכטע־נע מעבל, אַ גענילקלטער וועג פאַר בריוו, וואָס אַז מ׳וואַרפט זיי אַריין דאָ, גליטשן זיי זיך אַראָפּ העט־אונטן און פאַלן אַריין אינ׳ם גרויסן, גרינעם קאַסטן, אין אונטערשטן וואָרט־זאַל...

אין ווינקל פון קאָרידאָר זענען געהאַנגען זילבער־גע־שטיקטע טאַפּעצירונגען. צוויי שווערדן זענען געווען אי־בערגעלייגט איינער איבער׳ן אַנדערן, ווי אַ שיינער צלם... אַ מיידל אין אַ ווייסער הויב האָט פאַרביי־געשוועבט...

זיי האָבן אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, וואו עס איז געווען צוגעשלאָגן אַ מעשן בלעטל מיט די נעמען: „מר. טשאַמקאַ־דיראַ״; „מיס פּיצדאָנאַלד״.

עס האָט זיך געהערט אַ הויך־שטימיקער „אַריין!״... ביידע האָבן זיך אָפּגעווישט די טרוקענע שיך, אויסגעהוסט און אַריין, מיט אָנגעשטעלטע, פרעמדע, איבערגעשראָקענע שמייכלען אויף די ליפּן...

אַז זיי זענען אַריין אינווייניק, האָבן זיי דערזען, ווי טשאַמקאַדיראַ ליגט אין גרויסן, פּראַקטיקן בעט, אינ־איינעם מיט זיין „פּיצי׳ן״. ער טראָגט זיידענע פּאַזשאַ־מעס, זי — אַ זיידן שלאָף־העמד. טשאַמקאַדיראַ האַלט זיין רעכטע האַנט הינטער איר קאָפּ. אירע צעוואָרפענע טיצי־אַנישע האָר צינדן כמעט אָן די ווייסע קישנס. זי ליגט מיד און פאַרשמאַכט ווי אַ פּרינצעסין, רויכערט אַ פּאַפּיראָס מיט אַ לאַנגן מונדשטוק. „טשאַמקע״ שמייכלט איבער די וואָנצעס אַריבער, ביז צו די אויגן אַרויף...

אַז די צוויי אידישע קינסטלער האָבן דערזען, ווי דאָס פּאָרל ליגט נאָך אין בעט, האָבן זיי זיך פאַרשעמט, געזאָגט „אַנטשולדיקט!״ און געוואָלט זיך צוריקציען. אָבער טשאַמקע האָט געזאָגט: „נאַרישקייטן! בלייבט דאָ. איך האָב דאָך אייך פאַרבעטן... דאָרטן אויף דער קאָמאָדע איז וויין און ביסקוויטן... גייט נעמט זיך!״ די צוויי געסט

האָבן זיך געפילט אביסל געטראָפן פון דעם אופן, ווי ער נעמט זיי אויף... דאָס נישט־שעמען־זיך פאַר זיי איז גע־ווען א סימן, אז ער באטראכט זיי פאַר נידריקער פון זיך...

אָבער די רייכקייט און די בלענדעניש פון דער „סטור־דיע" האָט זיי דערשלאָגן. זיי האָבן זיך געפילט, אַז זיי דאַרפן אַ תירוץ פאַר זיך אליין, און זיי האָבן עס געפונען אין דעם אויסרייד, אז גרויסע קינסטלער האַלטן זיך „אינטים" מיט זייערע חברים, ווייסן נישט פון קיין צערעמאָניעס, פון שעמען זיך מיט די הייליקע געפילן...

די צוויי אידישע קינסטלער האָבן אַביסל געשמועסט וועגן קונסט און וועגן טשאַמקע'ס סטודיע... געווינשן אים „מזל־טוב". „פיצי" האָט געלאַכט און נאָכגעזאָגט די ווער־טער „מאַזעל טאוף", ווי ס'וואָלט געווען דער גרעסטער שפּאַס אין דער וועלט... טשאַמקאַדירא האָט געפרעגט, וואָס מ'זאָגט צו זיין „פיצעלען" און צי מעגן נישט אַלע אידישע דיכטערינס זיין אַ כפּרה פאַר איר... דער „גרינ־גערער" גאַסט האָט זיך געקנייטשט ווי פון אַ בויך־ווייטאָק, געזאָגט: „כ'מיין", וואָס דאָס האָט געקאָנט הייסן „כ'מיין יאָ" און „כ'מיין נישט"... דער אַנדערער האָט דערווייל אָנ־געגאָסן פיר גלעזלאַך וויין און און יעדן דערלאַנגט. „פיצי" און טשאַמקע האָבן אפילו נישט געזאָגט קיין דאַנק. זיי האָבן זיך אויפגעזעצט אין בעט — טשאַמקע'ס רעכטע האַנט נאָך אַלץ אַרום „פיצי'ס" האַלז... די לאַנגע שיינע פינגער זיינע האָבן דערגרייכט ביז צום בלאָען בענדעלע, וואָס האָט אַרומגעהאַלבע'לבנה'ט אירע פאַרשלאָסענע קליי־נע בריסט. טשאַמקע האָט איר געגעבן אַן אויסגעצויגענעם קוש אויף די ליפּן, זי אַזש אויסגעבויגן אויף צוריק, ביז זי האָט אים אָפּגעשטופּט און געזאָגט „גענוג" און אים פונ־דעסטוועגן געגעבן נאָך אַ קליינעם קוש אַ „צו"... דערנאָך האָבן זיי — נאָך אַלץ אַרומגענומענע — אויסגעטרונקען דעם וויין, זיך געהייסן דערלאַנגען נאָך צו גלעזלאַך, און

נאָך, גענומען אביסל־שיכור׳לאַך פּלאַפּלען וועגן אַנרירן ס׳לעבן...

די צוויי אידישע קינסטלער האָבן געזען, אַז די אויס־דרוקן פון דעם יונגן פאַר־פאַלק׳ס ליבע גיין צו ווייט, האָבן זיי זיך פאַרשעמט, ארויסגעשטאַמלט עפּעס אַ תירוץ און קוים געפונען די טיר.



# אונזער מרחץ.

די זון איז עלטער געוואָרן מיט א יאָר. די ערד האָט ווידער ארויסגעגעבן איר בליאונג. די טויב האָט ווידער געזונגען, ווען זי האָט ארומגעהיפּעט איבער די בערגלאַך מיסט, וואָס די שטעטלדיקע באַלעבאַטים האָבן אָפּגעשאָטן פאַר די שטיבער. דער טייך האָט זיך ווידעראמאָל אויפגעבראָכן. די שליוזעס האָבן ווידער גערוישט. די ווערבענעס האָבן ווידער געשמעקט זיס־און־ביטערלאַך, ווי געשיילטע מאַנדלען; דער האָפּנדופט איז ווידער אריין אין די לונגען און שיכור־געמאַכט.

פרייטיק לויפן אידן אין מרחץ אריין. מ'וואַרפט פון זיך אראָפּ ס'אָנטועכץ, מ'בלייבט שטיין א ביסל פאַרגאַפט פאַר'ן אייגענעם לייב — די נאַקעטקייט איז אזוי זעלטן! דער שוויץ איז א דערקוויקעניש — ער מאַכט גרינגער און בעסער... ער פרישט אָפּ — מיט א קילן הונגער, וואָס איז אזוי געשמאַק. עס צעפּאַרעט די נשמה נישט ווינציקער ווי ס'לייב... האָריקע אידן גלאַנצן, ווי זיי וואָלטן געווען ארומגעגאָסן מיט קופּער. דער פּאַרע־טומאַן הויבט זיך מיט היץ—רייסט זיך צום סופיט, ווי א בריענדע בעלמע... מ'לייגט זיך אויף די גליטשיקע בענק און מ'שמייסט זיך מיט די הייסע בעזעמלאַך און מ'שרייט קול־הקולות... און מ'גיסט זיך מיט פריש, קאַלט וואסער... און מ'שמייסט זיך ווידער...

די בענק זיינען מחיה'דיק וואַרעם און גליטשיקלאַך. ליגט מען מיט'ן פנים אראָפּ. ס'קאַלטע האַנטוך לעבן מויל, און מ'פרעגלט זיך אין ערב־שבת'דיקייט, מ'שייערט זיך, און אַז גאָט וועט העלפן, מ'וועט איבערקומען, וועט מען גיין צום דאַווענען, ווי א בלישטשענדיקער סאַמאָוואַר, — ווי א נייע אויסגעגלאַנצטע כלי...

די טרעפּ צו דער מקוה זענען געפערלאַך שליימיג און גליטשיק און וואַקלדיק און פירן בלויז צו דער קליינער מקוה. די גרויסע מקוה איז טיף און קאַלט... און כדי אראָפּ־צוכאַפּן זיך אהינצו, גייט מען ביז דער קליינער מקוה אויף די גליטשיקע געפערלאַכע טרעפּ. דערנאָך גיט מען זיך קונציק א כאַפּ אָן אין א לאָדן, וואָס איז ביי דער זייט פון א פאַרגרינט פענצטערל, און מ'גיט זיך אַן אַקראָבאַטישן וואָרף אריבער — אויף יענער זייט — צו דער גרויסער מקוה...

נישט איין איד האָט זיך שוין אויסגעוויכנעט א האַנט אָדער א פוס ביי אָט־דעם אַקראָבאַטישן קונץ... אָבער ס'ציט פאָרט צו דער גרויסער מקוה, ווייל זי איז קאַלט און טיף און געפערלאַך...

פון צייט־צו־צייט ברייננגט מען ארויף פון אונטן א צעבלוטיקטן איד... מ'נעמט אים אריין אין א ביטל, מ'גיסט אויף אים וואַסער... מ'שרייט: „דער בעדער, געלוימט זאָל ער ווערן!" מ'פרעגט דעם צע'הרג'עטן איד, ווי אזוי ס'איז געשען, קען ער נישט ריידן. ער ווייזט נאָר אראָפּצעצו — צו דער מקוה און לייגט צוביידע הענט צו ביידע אויערן, ווי איינער, וואָס וויל זיך אונטערטונקען...

די נאָך־נישט־פאַרוואונדעטע, נאַקעטע אידן פרעגן אים, פאַרוואָס ער האָט זיך נישט געהיט. גיט ער א לאַך מיט א צעשפּאָלטענער ליפּ און זאָגט אזוי, אז מ'קען קוים הערן: „מ'קען דען?"...

אויף דער זייף־באַנק ליגט דערווייל דער גביר פון שטעטל — איינגאַנצן א האָריקער. די באָרד איז צעווייקט און ארויס פון די קרויזלאַך, זעט אויס ווי א פאַלשע באָרד... די קליינע, געגרייזעלטע פאה'קעלאַך זיינען אויך נישט די „שיינע פלעשעלאַך", וואָס געוויינטלאַך. זיי זענען לענג־לאַכער און אידישלאַכער — בכלל זעט דער גביר אויס ווי א געזונטער גוי, וואָס מ'האָט אים אָנגעטאָן א אידיש פּנים.

דער גביר ליגט אויף דער זייף־באַנק, מיט'ן פּנים

אראפ... „עליע־מאיר" דער באָד־גוי, זייפט אים אָן מיט א ים מיט שמעקעדיקע מילינקעס. ס'בלעזלען זיך אויף אים זייף־שוימען פון אלערליי פארבן... צעצוויגענע זייף־רינגלאך בלישטשען אים אויף דער „לאָפּעטע" פונ'ם רוקן... אויף די ברייטע אקסלען, רינען אים אראפ אויף דער באָרד...

„עליע־מאיר" דער באָד־גוי, האָט א בייז הארץ אויפ'ן גביר, פארוואָס ער האָט אים היינטיקן ווינטער פארקויפט א זעקל איבערגעפרוירענע, בלאָע קארטאָפליעס פאר גוטע... די קינדער האָבן זיי נעבאך נישט געקענט נעמען אין מויל אריין... זיי זענען געווען „סיערפיאָנע" און זיסלאך... און האָבן געהאט דעם טעם פון א זעץ אין עלנבויגן...

„עליע־מאיר" דער באָד־גוי דערמאָנט זיך אין דעם אלעמען, און ער נעמט „פליאסקען" דעם גביר איבער'ן רוקן, אז יענער שרייט: „הער אויף, דו... זע נאָר אביסל... האסטו געזען אזוינס!"

„עליע־מאיר" מאכט זיך, אז ער הערט נישט, און ער פליאסקעט ווייטער. דער גביר ווערט אין כעס, וויל זיך איבערדרייען און עפּעס זאָגן, אָבער ער איז פול מיט מילינקעס און גליטשיג — גליטשט ער זיך אראפ... כאפט „עליע־מאיר" אים צוריק ארויף, לייגט אים צוריק אוועק, ווי פריער, הויבט אים אָן כלומר'שט „ברעכן די גלידער", מאסירן, אָבער דער גביר גליטשט זיך, ליגנדיקערהייט, ארויף און אראפ — אָט היינגען די פיס אראפ אויף דער זייט באנק... אָט איז דער קאָפּ אויף יענער זייט...

דער גביר זידלט זיך, שרייט „גענוג!" אָבער „עליע־מאיר" איז ערנסט און כלומר'שט־געטריי. ער זאָגט: „גביר־לעבן, שרייטס נישט. ס'איז געזונט!". און ער נעמט און שטעלט צו זיין הינטן צו יענעמ'ס, נעמט אים הינטעראָרומעט הינטער די אָרעמס, הויבט אויף הויך איבער זיך, אז ער גליטשט זיך שיער אריבער... גיט אים נאָך דערנאָך עטלאכע פליאסק איבער דער פלייצע... און זאָגט „צו געזונט" און הייסט זיך באצאָלן. און בשעת־מעשה

טראכט ער: אזא גראבער פליגל... סיערפיאנע קארטאפליעס גיט ער מיר — געשוואלן זאל ער ווערן...

ארום פארנאכט־צו גייען די אידן פון באד, אויסגע־לייטערטע, אויסגעוואשענע... אפגעבאדן זיך, אפגעגאלט דעם קאפ, אפגעשטעלט פיאוועס הינטער די אויערן, זיך אנגעטאן פרישע גאטעס, מיט בענדלאך ביי די קנעכלאך, ארויפגעצויגן אויף זיך א פריש העמד, וואס איז אזש בלא פון ווייסקייט. אלצדינג איז גוט און שטיל און ווי ס'דארף צו זיין. פון די פאות רינען נאך די קילע מקוה־טראפנס. די פנים'ער זיינען ניי און יונג. אין דער הייםווארט א ווארים בולקעלע, א גוטער ראסל מיט פעפער... אן אויס־געקאלעכט שטיבל... אויסגעצוואגענע קינדער. א ווייב מיט א ניי, בלימלדיק טיכל אויפ'ן קאפ, אין אירע פרומע אויגן ברענען בענטש־ליכט... און דאס פנים איז שיין ווי די זון...

אין דרויסן קומט אן דער פארנאכט, אין סאמעטענע פאנטעפעלאך. די וואכעדיקייט איז ווי די שאלעכץ פון די פיש — אוועקגעשאבן, ארויסגעווארפן...

פון גאט'ס אייגענער האנט שיטן זיך רענדלאך איבער דער שטאט... ווינטלאך לויפן ארום און זאגט: „שא, דער שבת גייט!"... די קראמען מאכן צו די אויפגעריסענע פירעקעכדיקע „אויגן", וואס קוקן אין דער וועלט אריין, ווי א געטריבענער הונט... עס איילן זיך די פארשפעטיקטע פון די געוועלבלאך... יאשקע'ס הויקערדיק פערד גייט אליין צום וואסער, בלייבט שטיין לעבן קלויז פענצטער און קוקט אריין... דער קוימענקערער האט אויסגעקערט דעם לעצטן קוימען, און גייט, ווי א „שווארצער ריטער", באַ־וואפנט מיט אייזנס און מיט לאנגע בעזימער און מיט בארשטן... די קינדער אנטלויפן פון אים... ער לאכט מיט די ווייסע ציין, ווי א נישט־גוטער, און זאגט אויף זיין לשון: „קיוועלע־קאוועלע־קוף־קוף־קוף"... און מאכט מיט די הוילע פינגער, ווי ער וואלט שטריקן א זאק. ווייבלאך גייען ארויס אויף די שוועלן, גיבן צוערשט א קוק אויפ'ן הימל, „צי מען

מעג שוין בענטשן ליכט". דערנאָך, אז זיי דערזען „דעם שווארצן רוח", שפייען זיי אוים און זאָגן: „טפו, צו זיין קאָפּ"... דער קוימענקערער גיט זיך א שנעל מיט א פינ־גער אין גאָרגל, ווארפט כלומר'שט עפּעס אריין אין מויל אריין און מאכט „לעקאיעם"...

אויפ'ן שפּיץ בארג טראָגט זיך אָפּ די זון. ווארפט אראָפּ בלאָע נאָכקלאנגען איבער'ן שטעטל... רירעווודיקע שאָטנס שפּילן אויף אזוינע כישופ'דיקע פידעלאך, וואָס קיינער קען נישט הערן... בלויז אין ווינקל פון בארג־וואלד ברענט נאָך... עס זעט אוים, ווי א דראגונער וואָלט גע־לאָפן און פארלוירן א מעטאלן היטל, וואָס מ'וויים נישט צי ס'איז ווייס צי רויט, און דאָס היטל ברענט און ברענט... און ווערט שטילער... אויסגעברענט, פארלאָשן...

די פענצטער־שייבלאך כאפּן־אויף דעם אָפּגלאנץ פון געבענשטע ליכט... צעקלינגען עס אויף דינע, גאָלדענע קווארדראטן... עס איז זים און ליכטיק און שטיל און גע־לייטערט... עס שמעקט זאפראן און בארג און זומער און שיר־ השירים... און פיש מיט פעפער.

עס איז שבת!



# דער נאָכקלאַנג פון דעם קלאַנג

וואַלקינ׳ס „הגר“ איז געווען פּאַרטיק. און זיין ליזאַ האָט זיך געפילט, ווי איינע, וואָס איז אַריבערגעגאַנגען אַ גע־פערלאַכן אָפּגרונט. זינט וואַלקין האָט זיך גענומען צו זיין „גרויסער אַרבעט“, איז ער געוואָרן אומגעדולדיק, ווי אַ בער אין שטייג, נישט געקענט אויסהאַלטן פון זיין אייגענער פוילקייט... און געוואָלט וואָס גיכער פאַרענדיקן, כדי ער זאָל האָבן צייט זיך צו פוילן.

עס איז געווען ווינטער. ביי וואַלקינ׳ען אין „סטודיע“ פלעגן זיך צענויפקומען געסט און אים שטערן פון זיין אַרבעט. וואַלקין האָט געמוזט האָבן די געסט, ווי דאָס שטומפּיקע מעסער מוז האָבן דעם שטיין... אָבער פונקט ווי דער שטיין פרעסט ביסלאַכווייז אויף ס׳מעסער, אַזוי האָט דאָס שטענדיקע שאַרפן־זיך אָן אַנדערע אויפגעפרעסן זיין כח. וואַלקין האָט זיך געוואָלט אויספיינען מיט דעם, וואָס ער איז נישט קיין באַרימער. האָט ער זעלטן גערעדט פון זיין ווערק. האָט זיך געמאַכט קאַלט אָדער גלייכגילטיק, ווען עמיצער האָט אים אָנגעוויזן אויף זיינע פעלערן. טיף אין האַרצן אָבער האָט עס אים געגעסן ווי זשאַווער. ער האָט געוואָלט אַרויסגיין און שרייען: „מיין ווערק, מיין גרעסט ווערק! מיין מייסטערווערק!“ אָבער ער האָט זיך געשעמט, געהאַלטן, אַז עס פּאַסט נישט פאַר אים צו ריידן וועגן זיין אייגענער אַרבעט, און געליטן אָן אַ שיעור...

וואַלקין האָט געציטערט פאַר׳ן קומענדיקן טאָג, שוין געוואָלט זען, צי וועט דער מאָרגן פאַלגן דעם נעכטן, צי וועט די אַרבעט נישט אַראָפּ פון טאָן, צי וועט ער קענען צונויפגיסן אין אַ גרויסער סימפאָניע די שטיקלאַך געזאַנגען, וואָס האָבן דורך יאָרן זיך אָנגעזאַמלט אין זיין געמיט. וואָס ווייטער ער איז אַוועק אין זיין אַרבעט, אַלץ מער האָט ער

פארלוירן די זעלבסט־זיכערקייט... האָט זיך אָנגעהויבן שרעקן, אַז זיין פייער וועט לעשן איידער דער מעטאַל וועט זיך אויסשמידן. געהאַט אַ ווידערגעפיל קעגן דער אַרבעט... אים האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז יעדער שפּעטער־דיקער „שטריך" מאַכט קאַליע די פריערדיקע... געוואָלט אויסציען יעדע „הייסע מינוט" אויף טויזנט יאָר, ענדיקן און פאַרטיק ווערן, און אָפּרוען זיך אין שאָטן פון גרויסן גלאַנץ...

אַן אַנדער מאָל פלעגט אים אָנכאַפּן אַ נישט־גוטקייט, ווי ביי אַ שוואַנגערער פרוי אין די הויכע חדשים. עס האָט געאיבעלט דאָס ווערנדיקע באַשעפעניש, וואָס פרעסט־אויף זיין ליב. עס האָט וויי געטאָן דער געדאַנק, אַז דאָס שטיקל ליים איז מער ווערט ווי זיין לעבעדיק לעבן, און אַז ער, דער מענש מיט אַ לעבעדיקן אָטעם אין זיך, קען זיך בלויז דער־הויבן דורך אַריינבלאָזן אָט־דעם אָטעם אין אַ ליימענעם גולם...

אין אַזוינע רגע'ס פלעגט ליזאַ מורא האָבן איבערצולאָזן וואַלקינ'ען אַליין. עפּעס אַ וויסטער שד האָט אים געשטופּט ער זאָל צעשטערן דעם „גולם", וואָס פרעסט אים אויף...

וואַלקין האָט געפילט, אַז זיין „הגר" איז נישט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט. אַלע פיינע ליניעס, געראָטענע ליכט־און־שאָטן ערטער, זיינען געווען צופאַלן. וואַלקין האָט נישט געוואָלט צוגעבן, אַז דער קינסטלער מוז שאַפן דאָס וואָס ער מוז, און נישט דאָס וואָס ער וויל... געוואָלט האָט ער אונטערטעניג מאַכן דאָס ליים צו ז י ך... אָבער דאָס ליים האָט אים געקנעטן... עפּעס אַ בלינדע האַנט האָט געפירט זיינע... אַ פרעמד קול האָט אים אונטערגעזאָגט אַזוינע סודות, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געוואוסט...

וואַלקין האָט זיך געשעמט מיט דעם... און פונדעסטוועגן געפּאָלגט. ברוגז־געוואָרן מיט זיין „הגר'ן", דערפאַר וואָס זי האָט זיך נישט געוואָלט „מינען", ווי ער האָט געוואָלט. יעדער אויסדרוק אויף איר פּנים און קערפּער איז אין זיינע אויגן געווען אַ פאַרגליווערטער... ער האָט אַזוי אָפּט און

לאנג געקוקט אויף איר, ביז ער האָט אויפגעהערט אינגאַנצן זי צו זען... דאָס איז געווען בעסער פאַר אים, ווייל דעמאָלט פלעגט אין אים אָנקוואַלן דאָס „בלינדע ליכט" — דאָס ליכט פון דעם בלינד־געבוירענעם, וואָס פאַר אים איז קיין נאַכט נישטאָ. און אַ משוגע'נער כח פלעגט אין אים אַרבעטן, פלעגט אים פורעמען און קנעטן, האַסטיקער און פיבערדיקער, ווי ער האָט געקנעטן און געפורעמט דאָס ליים.

ליזאַ האָט איבערגעלעבט זיין יעדן ציטער. האָט זיך איינגעשטעלט פאַר „הגר'ס" רעכט — צו זיין גרויס אָדער קליין, ווי סע געפעלט גאָט... זיך אַפּטמאָל געראַנגלט מיט וואַלקין'ען, ווען ער האָט געהאַלטן אַ האַמער אין האַנט און געוואָלט צעשטערן זיין ווערק. נישט איינמאָל האָט ליזאַ אונטערגעשטעלט איר אייגן לייב, און אָפּגעווערט „הגר'ן" פון איר מייסטער'ס כעס. „הגר" אַליין איז געשטאַנען אַ „געפייניגטע", מיט אַ קרום שמייכעלע אויף די ליפּן... און געזאָגט: „נאַריש קינד... זאָל ער!... איך בין געוואוינט מען זאָל מיך פייניקן".

אָבער ליזאַ'ס האַרץ איז געווען דאָס האַרץ פון אַ מאַמען צו אַ שלעכט קינד, וואָס קען מען טאָן אַז סע וויל נישט פאָלגן?

צום סוף, אַז „הגר" איז פאַרטיק געוואָרן, איז וואַלקין אַרומגעגאַנגען ווי נאָך אַ קימפּעט... ער האָט געפיבערט און שיעור ניט געפאַלן פון די פיס. אַ זאַטקייט, וואָס איז געווען אַ הונגער, האָט אים אויסגעפילט. דער נאָכקלאַנג פון זיין גרויס ליד איז געווען העכער ווי דאָס ליד אַליין... די אַרבעט איז געווען פאַרענדיקט. אָבער דאָס גליק פון דער פאַרענדיקסטער אַרבעט האָט נישט געלאָזט איינרוען. ער האָט געזען מענטשן אין די גאַסן פאַרנומען מיט זייערע זאָרג און פּרנסות און ער האָט נישט פאַרשטאַנען, ווי אזוי ווייסט מען נישט, אַז ער האָט פאַרענדיקט זיין גרויס ווערק? ער האָט געזען קליינע קינדער גיין פון שול, און ער האָט זיי געוואָלט אָפּשטעלן און זאָגן: „קינדערלאַך, וועגן מיר וועט איר

אמאָל לערנען אין אייערע שולביכער!" איינמאָל איז ער געפאָרן אויף א טראַם. עס איז געווען זייער געפּאַקט. ער האָט זיך געשטעלט פאָרענט, נעבן „מאָטאָרמאַן". דער מאָטאָרמאַן האָט אים געזאָגט, ער זאָל אראָפּגיין. ער טאָר דאָרט נישט שטיין. וואַלקין האָט געזויכערט זיין בויכיקע ליולקע און געזאָגט „ס'איז אָלראַיט". דער מאָטאָרמאַן האָט געזאָגט: „ס'איז נישט אָלראַיט. איר מוזט אָדער אַריינגיין אינוויינינג אין טראַם, אָדער אַראָפּגיין". „אינוויינינג איז נישטאָ קיין פּלאַץ, און אראָפּגיין וויל איך נישט", האָט געזאָגט וואַלקין און געצויגן די ליולקע. דער מאָטאָרמאַן האָט אָפּגעשטעלט דעם טראַם, זיך גענומען קריגן מיט אים. מען האָט געבראַכט א פּאָליציסט. יענער האָט אים גענומען שלעפּן אראָפּ. אַלע פּאַסאַזשירן האָבן זיך אַומגעקוקט. וואַלקין איז נעווען פאַרביטערט. טרערן זיינען אים געשטאַנען אין די אויגן. ער האָט געוואָלט זאָגן: „וועמען שלעפּסטו עס אזוי דו גאָרנישט איינער? דו ווייסט, אז איך האָב שוין פאַרענדיקט מיין „הגר"?! אָבער ער האָט עס ניט געזאָגט. ער האָט זיך בלויז אַיינגעקלעמט די הענט־און־פיס אין טראַם און זיך נישט געלאָזט אַראָפּוואַרפן. דאָס איז געווען נאַריש, אָבער וואַלקינ'ס „הגר" איז ערשט נישט לאַנג פאַרטיק געוואָרן און ער איז געווען איינגעשפּאַרט און צעפּיעטשעט ווי א קינד...

מ'האָט אים אָנגעטאָן די גרויסע בושה און אים אַראָפּגעשטופּט פון טראַם. זעקס מענטשן האָבן אַרום אים „געאַרבעט", געזילדט אים... וואַלקין האָט בלויז א סך מאָל איבערגע'חזר'ט די פּיצעלדיקע קללה: „לייז! איר זיינט אַלע לייז"... און ער האָט זיך געמוזט איינהאַלטן מיט אַלע כוחות נישט צו פאַרענדיקן: „אָבער איך בין אַן אָדלער!"

א באַליידיקטער, א צעווילדעטער, ווי א לייב וואָס מ'האָט אים אַן אויג אויסגעשטאָכן, איז ער דערנאָך נאָכגעלאָפן נאָך דעם לויפנדיקן טראַם און געשריען:

— לייז! איר זיינט אַלע לייז!...

# נישטאָ קיין געלט

ס'איז געקומען אָפּצוגיסן די סטאַטוע אין בראָנז. די וואַלקינ'ס האָבן קיין געלט ניט געהאַט. ליזאַ האָט פֿאַרדינט א קליין ביסל פון „שטונדן", וואָס זי האָט געגעבן אין ענגלישער ליטעראַטור... אָבער דאָס האָט קוים געקלעקט אויף א שטיקל ברויט. ביז איצט האָט מען זיך אפילו נישט אומגעקוקט אויף דער אָרימקייט. איצט אָבער האָט די נויט אָנגענומען אַן ערנסט פּנים... די קרומע פינגער פון דער פּעטער. אויפגעבלאָזענער אָרימקייט, וואָס האָט זיך דאָ געמאַכט אזוי באַקוועם, האָבן געטייטלט מיט חוזק אויף די צוויי מענטשן, געלאַכט פון זיי מיט שוואַרצע ציין...

ליזאַ האָט געהאַט א רייכן שוואָגער, — א מר. פּערנאַמענט. ער איז געווען א פאַבריקאַנט פון העמדער, און א שטיקל „מעצענאַט" — א ליבהאָבער פון קונסט. ער איז געווען א „פּאָליאַק", האָט שטענדיק ציטירט פּשיבישעווסקי'ן. איז געווען שטאָלץ מיט זיין „פּאַטערלאַנד". גערימט דעם „זאַקסישן גאַרטן", די פּוילישע קולטור, אָבער שטילערהייט האָט ער ליב געהאַט דאָס „פּעט־אידישע", דאָס איבערטריבענע, נערוועזע, דאָס טומלדיק־שנעלע.

זיינע דיקע, קורצע הענט, מיט נעגל, וואָס זענען געווען געשוירן ביז דער הויט, פלעגן זיך מיט מי האַלטן אויף די קניעס. פּערנאַמענט פלעגט מיט אַלע כחות זיך אָנשטריינגען ניט צו מאַכן קיין זשעסטן ביים רעדן, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אז ס'וועט זיך ביי אים ארויסכאַפּן א אידישע תנועה. אָבער ער איז געווען א היציקער מענטש. א פול־אָנגעשוויגענער, און ווען עפּעס האָט אים א טשעפּע געטאָן, האָט ער געגעבן א שפּרינג־אויף, פאַרגעסן, אז ער דאַרף האַלטן די הענט אויף די קניעס, און גענומען פאָכן

מיט הענט און אָרעמס אין דער לופטן, און דער גאַנצער קערפער איז ביי אים געוואָרן א מיטל אויף אונטערצושטופן זייגע רייד, זיינע געדאַנקען.

פערגאַמענט איז געווען א פּראַקטישער מענטש. דאָס וואָרט „געלט“ פלעגט זעלטן קומען אויף זיינע ליפּן, ווען באַקאַנטע זענען געווען אין שטוב. מיט זיי פלעגט ער שטענדיק ריידן וועגן קונסט, וועגן ביכער, וועגן מוזיק. אָבער מיט זיין אויגן ווייב, וועלכע איז געווען א קראַנקע און א גוט־האַרציקע, פלעגט ער זיך אָפט קריגן און זי נגע'ן וועגן אן איבעריקן גראָשן, וואָס אים האָט זיך געדאַכט, אז זי האָט אויסגעגעבן. מיט דרויסנדיקע מענטשן פלעגט פערגאַמענט ריידן שטיל, מיט חנ'עוודיקע קנייטשלאַך און מיט די אָנגענומענע פראַזן פון די, וואָס „רייבן עלנבויגנס“ מיט קינסטלער. ער האָט געקענט דעם גאַנצן ווערטער־באַגאַזש, און די אָנשטעלעריי פון מענטשן, וואָס האַנדלען מיט ווערטער און מיט פאַרב און מיט קלאַנג — געוואוסט ווי צו פאַרדעקן יעדע אומוויסנקייט מיט א ביטול־שמייכעלע. ווי א איד נעמט איבער פון די גויים זייערע שלעכטע מידות גיכער ווי די גוטע, אזוי האָט פערגאַמענט אויף גיך אויפגענומען פון די קינסטלער, מיט וועלכע ער איז געקומען אין באַריר — אַלע זייערע שלעכטע זייטן. ער האָט זיך נעפוילט אַרבעטן, איז געווען אומגעדולדיק, האָט געהאַלטן יעדן איינעם נידריקער פון זיך, האָט ליב געהאַט צו הערן און צו זען זיין נאָמען... האָט געלעבט אין אן איבערטריבענער, אויפגעבלאָזענער, פיבערדיקער וועלט, זיך שטענדיק אַרומגעפּירט מיט מענטשן, וואָס האָבן אים אָפּגעגעבן כבוד.

פערגאַמענט'ס לעבן איז געווען אן אויסגעגלעטס, עס האָט געהאַט די געשליפענעם גלאַנץ פון א הייליקן שטיין, וואָס איז אזוי לאַנג געקושט געוואָרן פון מענטשלאַכע ליפּן, ביז ער האָט באַקומען א באַדייט, א געהייליקטקייט...

פערגאַמענט איז אויפגעצויגן געוואָרן צווישן פרויען,—

(זיין טאַטע איז אים יונג געשטאָרבן), מומעס, שוועסטער־קינדער און שוועגערינס... פּערגאַמענט'ס מאַמע אַליין איז געווען אַ „שטוצערקע", אַן אויסשטעלערקע. אין די יונגע יאָרן האָט זי אויסגעשטעלט איר שיינקייט, אירע איידל־שטיינער, איר וואוילקענעוודיקייט... שפּעטער האָט זי אויס־געשטעלט דעם מאַן — אים געהאַלטן ווי אַן אוירינגל אויפ'ן האַלז, אָדער אַ בראָשל אויפ'ן האַרץ...

פּערגאַמענט'ס מאַמע איז געווען אַ געאיידלטע „פּאָליאַטשקע", און ווי אַלע אויפגעקומענע מענטשן אָדער פעלקער, האָט זי געהאַט אַ נייגונג צו באַרימען זיך, ווייזן איר רייכקייט, אויפרייסן די אויגן. אַ באַקאַנטער ווערטל־מאַכער פון שטעטל פלעגט וועגן איר זאָגן, אַז ווען „די פרוי פּערגאַמענט קריגט אַ דימענט־רינגל, טוט זי עס אָן אויף אַ שטעקן און הייגנט עס אַרויס אין דרויסן אַרויס, דורכ'ן פענצטער, כדי אַלע זאָלן זען, אַז זי האָט אַ רינגל"...



# פּערגאַמענט

פּערגאַמענט פּלעגט אָפט אַראָפּברענגען זיינעם אַן אָרימען קרוב פון פּוילן, אים אויסהאַלטן מיט אַלעמען. די, וואָס האָבן פּערגאַמענט׳ן ניט געקענט, האָבן געמיינט, אַז ער טוט דאָס, ווייל ער האָט אַ גוט הארץ. דער אמת אָבער איז געווען, אַז פּערגאַמענט האָט פּשוט באַדאַרפט האָבן לעבן זיך אַ מענטש, וואָס זאָל אים מאַכן קאָמפּלימענטן, און אַ געוויסע קראַנקלאַכע ערלאַכקייט אין אים האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז די באַקאַנטע און פריינט, וואָס לויבן און שמייכלען אים, מיינען עס נישט ערנסט. זיי ליגן אים בלויז אונטער אַ לעקאַכל. אָבער אַן אָרימער „גרינער" קרוב, וואָס זיצט אין דיין שטוב און עסט דיין ברויט, וועט ערלאַך גלויבן, אַז דו ביזט אַ גרויסער און וויכטיקער מענטש, און אַז קיין גרעסערער און וויכטיקער מענטש פון דיר איז נישטאָ.

פּערגאַמענט האָט פאַרגעטערט די קונסט אויף דעמזעלבן אופן, ווי אַ יעוונוך, פאַרגעטערט די מענלאַכקייט. אַליין אַ מענטש אָן קינסטלערישע פייאיקייטן, האָט ער הנאה געהאַט צו פילן, אַז ער האַלט זיך כאָטש נאָענט פון די קינסטלער, און ווי אַ קאַליקע ווערט מיט דער צייט צוגעוואוינט צו זיין הילצערנעם פוס, און מיינט, אַז ס׳איז זיין אייגענער, און לאָזט אַפילו נישט־ווילנדיק אַרויס אַ געשריי, ווען מען גיט אים אַ שטאָך מיט אַ מעסער אינ׳ם פאַלשן פוס אַריין, אַזוי האָט פּערגאַמענט מיט דער צייט זיך צוגעוואוינט צו קונסט, געוואָרן אַ שטיקל מבין, אַנטוויקלט אַפילו אַ קליינע באַדערפעניש דערפאַר...

צו דעם איז נאָך פּערגאַמענט געווען אַ קראַנקער, אַ שווינדזיכטיקער. דאָס לעבן האָט אין אים געברענט הויך און פיבערדיק, אים געוויזן אילוזיעס, אים גערייצט, און ווי

איינער, וואָס טרינקט זיך, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן אַ שאָטן פון עפּעס זיכערס. זיינע שטאַרבנדיקע לעצטע טעג האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין'ם עק פון דעם אומשטערבלאַכקייט־פויגל, וואָס האָט פאַרבייגעשוועבט פאַר זיינע אויגן מיט אַזאַ פאַרבלענדענדיקער שיינקייט: — די קונסט.

אין אידישן קינסטלער־קאָפּ האָט מען זיך גערעכנט מיט פּערגאַמענט'ס מיינונגען וועגן ליטעראַטור, מאַלעריי און מוזיק. ער איז געווען אַ נאָענטער־ווייטער, אַ קרוב פון אַן אַנדער לאַנד... אַן אייגענער, וואָס רעדט די זעלבע שפּראַך וואָס דו, נאָר ביי אים מיינט זי עפּעס אַנדערש... ווייל אַלצדינג קלינגט אין זיין האַלז אַזוי טרויעריק, פאַר־גייענדיק (דער חן פונ'ם שטילן טויט איז געלעגן אויף אים).

פּערגאַמענט פלעגט אָפט אַרויסהעלפן אַ קינסטלער אין אַ נויט. געהאַלטן האָט מען פּערגאַמענט'ן פאַר אַ „מיליאָ־נער", אָבער פון זיין גאַנצער „מיליאָנערישקייט" האָט ער קוים געגעסן אַ שטיקל ברויט. אַ דאַנק די גרויסע נדבות, וואָס ער האָט געגעבן, פלעגט אים פון צייט צו צייט געלינ־גען צו כאַפּן אַ גוטע הלואה... אפּטמאָל, אַז מ'איז צו אים צוגעשטאַנען, ער זאָל זיך אונטערנעמען צו זאַמלען אַ גרויסע סומע געלט פאַר עפּעס אַ וויכטיקן צוועק, פלעגט פּערגאַ־מענט צוערשט זיך קווינקלען, שפּעטער אָבער פלעגט ער אָננעמען, אַליין געבן דעם ערשטן טויזנטער... דערנאָך פלעגט ער אָפּרופן אויפ'ן טעלעפאָן אַ סך מענטשן, זיי דערציילן, אַז ער האָט געגעבן דעם ערשטן טויזנטער, און דאַביי צו־געבן מיט זיין געוויינטלאַכער באַשיידנקייט: „און אַז איך, וואָס איך בין ניט קיין עושר און נישט קיין פילאַנט־ראָפּ, האָב געגעבן אַ טויזנטער, דאַרפט איר, וואָס איר זענט אַ נגיד און אַ פילאַנטראָפּ, געווים געבן אַ סך מער".

און עטלאַכע וואָכן פלעגט פּערגאַמענט אויף אַזאַ אופן צונויפזאַמלען צענדליקער, און אַמאָל הונדערטער טויזנטער דאָלאַרס, פון וועלכע ער פלעגט אַראָפּנעמען אויף „פאַרשיי־דענע הוצאות" (ווען איר זאָלט אים געווען פאַרשלאָגן צו

נעמען באצאָלטס פאַר זיין אַרבעט, וואָלט ער זיך געפונען שטאַרק באַליידיקט און געקריינקט דאַפון!) וואָס פלעגן באַטרעפן אַ היבש ביסל מער ווי דער טויזנטער, וואָס ער האָט צו־שטייער געגעבן...

אין פאַלן, ווען פערגאַמענט האָט באַדאַרפט אַרויס־העלפן אַ באַקאַנטן קינסטלער, איז דער מעטאָד אויך געווען דערזעלביקער. אָן אַ פאַרדינסטל פאַר זיך אַליין איז דאָס נישט געגאַנגען...

אין אידישן קינסטלער־קאַפע פלעגט מען זיך דערציילן וואונדער פון פערגאַמענט׳ס „אָפענער האַנט" און פון זיין רייכקייט. פערגאַמענט פלעגט שטענדיק פאַרפאָרן צום קאַפע אין אַ טעקסי, אַזוי, אַז אַלע זאָלן זען... געמיינט האָט מען, אַז ער פאַרט דאָס פון זיין היים, אָדער פון זיין געשעפט (ביידע זענען געווען וויט פונ׳ם קאַפע, און עס האָט באַדאַרפט קאָסטן אַרום 8 דאָלאַר צו קומען אין אַ טעקסי!), אין דער אמת׳ן איז ער געפאָרן מיט דער אונטער־באַן, אָדער מיט׳ן „על", ביז אַ צוויי־דריי גאַסן פאַרן קאַפע און דערנאָך צוגעפאָרן פאַר אַ 25 סענט.

פערגאַמענט איז אין די אויגן פון אַ סך קינסטלער געווען אַ מאַרטירער, ווייל ס׳האָט געהייסן, אַז אַלע נוצן אים אויס, כאַפן ביי אים אַ ביסל קליינגעלט, אָדער לאָזן זיך פונדירן מיט פאַפּיראָסן אָדער מיט טיי. אָבער דערווייל האָט פערגאַמענט אַלעמען אויסגענוצט. אויף דעם סמך, וואָס ער קען זיך מיט גרויסע „פערזענלאַכקייטן", האָט פערגאַמענט געשפּילט אַ בכבוד׳יקע ראָלע אין זיין קרייז פון שניידער־פאַבריקאַנטן, זיי פאַרבונדן אין אַ געזעלשאַפט, מיט אַ פיין־קלינגענדיקן נאָמען, וועמענס צוועק איז אָבער בלויז געווען צו צעברעכן די יוניאָן... איז געוואָרן דער פרעזידענט פון אָט־דער געזעלשאַפט... זיך געלאָזט באַצאָלן 5000 דאָלאַר אַ יאָר פאַר „זייטיקע אויס־גאַבן" (קיין באַצאָלטס פאַר זיין אַרבעט האָט ער נישט גענומען), און מיט דעם אַלעמען איז ער ביי דער גרויסער

פֿאַרשוועגדערישקייט, וואָס ער האָט געמוזט אָנהאַלטן „צוליב דעם נאָמען", אַלעמאָל געבליבן אַביסל ד'רונטער. האָט זיך געבאָדן אין חובות און געפֿירט דאָס שווערע, אָנגעשטריינגטע לעבן פֿון איינעם, וואָס ווייסט, אַז ער טאָר זיך קיינמאָל נישט אויסטאָן נאַקעט...

אַז ליזאַ איז געקומען צו איר שוואָגער און אים דער־ציילט, אַז וואַלקין האָט שוין פֿאַרענדיקט זיין „הגר", האָט פֿערגאַמענט זיך אויפֿגעהויבן פֿון זיין ביינקל, אָנגענומען ליזאַ'ס רעכטע האַנט צווישן זיינע בײדע, זי שטאַרק גע־דריקט און געזאָגט:

— ליזעטשקע... איך האָב נישט קיין ווערטער... —

און ער האָט זיך אָוועקגעדרייט צום פֿענצטער, כּלומר'שט געווישט די אויגן... אַביסל געהוסטלט... דערנאָך צוריקגע־קומען און געזאָגט: — נו, זעץ דיך, ליזעטשקע. וואָס שטייסטו?

ליזאַ האָט זיך געזעצט. זי איז געווען קראַנקלאַך און מיד. זי האָט נישט געהאַט קיין געדולד פֿאַר קיין שום אַנדערע זאַכן, אַ חוץ פֿאַר דעם צוועק, צוליב וועלכן זי איז געקומען. זי האָט אַפֿילו נישט געפֿרעגט, וואָס איר קראַנקע שוועסטער טוט (זי האָט געוואוסט, אַז זי איז אוי־סערן שטאָט אויף אַ קוראָרט), זי האָט נאָר געזאָגט:

— פֿערגאַמענט... איך דאַרף האָבן געלט.

פֿערגאַמענט איז געבליבן געפּלעפֿט. ליזאַ רעדט וועגן געלט! ווי קומט עס צו איר?...

— „געלט!" — האָט איבערגעזאָגט פֿערגאַמענט... „געלד!... איז ביסטו, הייסט עס, געקומען צו דער איבער־צייגונג, אַז מ'דאַרף יאָ האָבן געלט... אַבי איך האָב גע־מיינט, אַז דו מיט דיין וואַלקינ'ען שטייען העכער פֿון די אַלע זאַכן..."

ער האָט געפּרובט לאַכן, אָבער ס'איז געווען ווי אַ געוויין.

— איך האָב ניט קיין געדולד אויסצוהערן דיינע

חכמות, אויב זיי זענען חכמות... — האָט געזאָגט ליזאַ מיט אַ קרום שמייכל. — „און אויב דאָס איז אַ דרשה, ווייסטו דאָך, אַז איך האָב פֿיינט דרשות. איך בין געקומען ביי דיר בעטן געלט אויף אָפּצוגיסן וואַלקינ'ס סטאַטוע".

— אַזוי? — האָט געזאָגט פּערגאַמענט, זיך אויפגעהויבן פֿון ביינקל, פֿאַררויכערט אַ ציגאַר, גענומען שנעל בלאָזן דעם רויך, שפּאַנען איבער'ן צימער, און סוף־כל־סוף זיך אָפּגעשטעלט הינטער ליזאַ'ן, מיטביידע אָרעמס אויפ'ן ווענטל פֿון איר שטול. ער האָט פּאַמעלאַכל גענומען איר קאָפּ צווישן זיינע הענט, אַרויפגעריסן אים, אַזוי אַז זי האָט אים געמוזט קוקן גלייך אין די אויגן אַריין, און ער האָט געזאָגט מיט ציטערדיקער ליבשאַפֿט אין זיין קול:

— ליזעטשקע...

ליזאַ האָט אים שטרייננג און לאַנג אַריינגעקוקט אין זיינע אומרואיקע, הייסע אויגן, דערנאָך געזאָגט שאַרפֿלאַך און פֿראַסט:

— דו הויבסט שוין ווידער אָן...

פּערגאַמענט האָט אַראָפּגעלאָזן זיין קאָפּ, זיך ווידער אוועקגעדרייט צום פֿענצטער, געהוסטלט און צוריקגעקומען זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קניען פֿאַר ליזע'ן, געקושט אירע הענט און געסווישטשעט דורך די פֿעדערשטע, שיטערע ציין:

— ליזעטשקע... דו ביזט דאָך אַ פֿרייער מענטש... מיט פֿרייע געדאַנקען...

— דעריבער?

— דיין שוועסטער איז קראַנק... זיי דו — דיין שוועסטער...

ליזאַ האָט אויף אים אַראָפּגעלאָזט אירע שיין־שוואַרצע אויגנפֿראַנזלאַך און געזאָגט:

— וועסטו מיר געבן געלט אויף אָפּצוגיסן „הגר'ן"?

— און דו מיר?...

ליזאַ האָט אים אַראָפּגעלאָזט אַ פֿלינקן פּאַטש, האָט זיך צעוויינט און איז אַנטלאָפֿן.

# מיין ערשטע טעאַטער-פאָרשטעלונג

ס'איז געווען אַ וואָך פאַר פּורים. די וועטערן זענען געווען שטיל-זילבערנע, אויסגעגלאַנצטע. אַ גרויסע האָפ־נונג האָט זיך געריסן אינאייינעם מיט די שניי-וואַסערלאַך, וואָס זענען בייטאָג געלאָפן פון שטעטל — געלאָפן ערגעץ אָנזאָגן די גוטע בשורה, אַז דער פרילינג איז שוין נענטער ווי ווייטער. בייטאָג האָט די זון זיך אַליין אָפּגעשפּיגלט אַ שיינעם־דאַנק, דורך די פינקלענדיקע אייז-קרישטאָלן. ס'האָט געלאַכט דער שניי מיט זיין ,ווייס מויל — געלאַכט פון זיך אַליין, פון זיין נישטיקער שיינקייט, פון זיין כח, וואָס גיט זיך אָפּ צו דער יונגפרוילאַכער וואַרימקייט פון עפּעס אַ פרעמדן הימל, וואָס גלעט און וואַרימט און צערטלט...

די נעכט זיינען געווען פול מיט אומרואיקע שטערן און מיט לבנות, וואָס אין אונזער שטעטל זעען זיי אויס עלטער און געטרייער ווי אומעטום.

דער פרילינג איז געשטאַנען הינטער דער טיר, גע־וואַרט, דער קאַלענדאַר זאָל אַ קלינג טאָן מיט'ן גלעקל, וועט ער צענעמען די פאָרהאַנגען, אריינקומען, זיך פאַרנייגן, ווי אַ פּאַיאַץ און זאָגן: „קינדער, איך בין ווידער דאָ"... און די קינדער וועלן זיך דערפרייען, גלייך ווי ער וואָלט זיך גע־וויזן צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן, און גלייך ווי ער וואָלט היינטיקס מאָל געהאַט עפּעס גאָר פרישע קונצן, און גלייך ווי די אַלע שיינע זאַכן, וואָס ער וועט שלעפּן פונ'ם אַרבל, וואָלטן געווען שפּאָגל-נייע, נאָך נישט-געזעענע.

פּאַיאַץ! פּאַיאַץ! שעם דיך ניט און זיי מוטיק. אומעטיקע קינדער פרעגן נישט, צי דער קונץ, וואָס דו ווייזט, איז אַ נייער אָדער אַן אַלטער. זיי האָבן אַלעמאָל הנאה

פון דיינע רעש׳יקע קליידער, פון די וואונדער, וואָס דו באווייזט...

עס איז געווען אַ וואָך פאַר פורים, און די „פורים־שפּילערניקעס״, די שניידער־יונגען פון שטעטל, האָבן זיך, ווי אַלע יאָר, געגרייט צו דער גרויסער „אחשורוש־שפּיל״, וואָס דערקוויקט ס׳האַרץ פון אַלע קינדער, און אפשר אויך די הערצער פון אַ סך דערוואַקסענע...

שניידער־יונגען און שניידער־מיידלאַך זענען בטבע זייער ראָמאַנטישע מענטשן. צי נעמט זיך דאָס דאַפון, וואָס אין נייען אינטימע קליידער (אָפט פאַר מענטשן פון אַנ־דערן געשלעכט) רייצט דער געדאַנק צו טראַכטן פון דעם קערפּער וואָס וועט טראָגן די קליידער? אָדער נעמט זיך עס אפשר פון דעם קליינעם, פאַמעלאַכדיקן ריטם פון דער אַרבעט, דאָס לירישע געזאַנג פון דער שטעפּ־מאַשין, וואָס ווייגט איין און פאַרשלעפערט? אָדער אפשר דאַפון, וואָס די ליטקעס רייבן זיך שטענדיק איינס אָן ס׳אַנדערע. אויפ׳ן „טרעט־ברעטל״ פון דער מאַשין, און אַ וואַרימלאַכע, אָנגע־נעמע שווייסיקייט רייצט און רעגט די דריזן, וואָס וועקן די ראָמאַנטישע געפילן ביי מענטשן?

יאָשע דער שניידער מיט די צערוקטע וואָנצעס איז אַ מענטש, וואָס זינגט שטענדיק אונטער׳ן נאָז, און זינגט כמעט אַלע נגונים מיט דעמזעלבן נוסח. זיין ערשטער געזעל איז לייבטשע — אַ יונג אַ פאַרהויקערטער, אַ מיאוס׳ער, מיט אַ ברייט מויל, וואָס אז ס׳לאַכט, לאַכט עס אַהינצעצו, כמעט איבער אַן אָקסל אַריבער. לייבטשע׳ס אויגן זיינען גרויסע, גרינלאַכע, און ריידן זיך קיינמאָל נישט צענויף מיט לייבטשע׳ס מויל — ווייסן זיי נישט, ווען ס׳מויל לאַכט און ווען נישט... זיי בלייבן שטענדיק באַטריבט, פאַרטראַכט אין נעכטיקע טעג אריין, און איבער הויכע בערג אַריבער... יאָשע איז אַ מענער און דאַמען־שניידער. שטייען שטענ־דיק ביי אים שוואַרצע פיגורלאַך, איבערצויגן מיט צערי־סענעם שטאָף. די ריפּן און דער בויך און די בריסט זיינען

בײ זײ פֿון דראָט, און דער קאָפּ איז דער רוח װײסט װאו... און דער אײנציקער פּוס זײערער איז אַן אײזערנער, אַ קאַל־טער. נאָר אַז מ׳טוט אָן אַזאַ פֿיגור אין אַ קלײדל און אַ שטאַניקל, איז פֿונדעסטװעגן זיך גרינגער פֿאָרצושטעלן אַ פֿרױ׳ס קערפּער, װי גלאַט אַזױ.

טרעפֿט טאַקע אָפֿט, אַז אַ פֿאַרבענקטער שנײדעריונג, װאָס האָט קײן כּלה נישט און קײן געלט נישט און קײן טאַטע־מאַמע נישט, און קײן שטײענדיקן קראַגן נישט, פֿילט זיך געקריװודעט און עלנד.— נעמט ער, — װען קײנער זעט נישט — און טוליעט זיך צו דער טױטער פֿיגור, רעדט צו איר אַ פּאָר װערטער פֿון אַ ראָמאַן־ביכל אַרױס און קושט זי אױף דעם האַרטן, הילצערנעם בױך, װאו דער שטאָף איז צעריסן און אָפּגעקראָכן, און ער שטעלט זיך פֿאָר, אַז דאָס איז די פּרינצעסין סירגאַנאַ, װאָס באַשרײבט זיך אין מעשה־ביכל...

די שנײדעריונגען ברענגען אין שטעטל אַרײַן אַן אָטעם פֿון װין, פֿון דער גרױסער שטאָט... זײער קומען און אַװעקפֿאָרן איז װי דער פֿלוס און אָפּפֿלוס פֿון אַ שװערן טײַך. דאָס לעבן שפּילט אױף זײערע צײַן, װי דורך אַ ציגאַר־פּאַ־פּירל. עפּעס טראָגט זיך אַ ניגון און פֿאַרשלינגט צוריק אין זיך אַרײַן. װי אומפֿאַרשטענדלאַך און שײן דאָס איז! זײ זענען פֿאַרב און קלאַנג אין דער גרױסער װיסטעניש פֿון אַן עלנד שטעטל, אָט די שנײדעריונגען און שנײדערמײדלאַך, און דערפֿאַר האָט זײ מײַן יונג האַרץ ליב. און דערפֿאַר קוק איך אױף זײערע פֿינגערהיטן, װי אױף קרױנען, װאָס האָבן פֿאַרבלאָנדזשעט פֿונ׳ם קאָפּ אױף די פֿינגער אַרױף, און אױף זײער אָפּגעבונדענער פֿרײַער פֿרײד, װי אױף אַ פּאַװע, װאָס פֿליט פֿאַרבײ און לאָזט איבער נאָר זיך אַ בלאָ־גרין־גאָלדענעם אָפּשײַן...

---

# פּורים־שפּיל

דער פּורים־שפּיל איז געווען אַ גרויס דערקוויקעניש אין שטעטל. עס איז געווען ווי אַ שאָטן פון אַ גייענדיקער זון אויף אַ באַרג. גרויסע, אומעטיקע מענטשן, וואָס האָבן זייערע קליינע לעבנס געלעבט אין מיטן פון דעם אונמעגלאַכן אמת, האָבן אויפגעלויכטן ביי דעם מאָדנעם שפּיגל, וואָס האָט געוויזן נישט וואָס מ׳האָט אַריינגעשפּיגלט, נאָר וואָס מ׳האָט געוואָלט.

פאַרשטייט זיך, אַז זיי אַליין, די באַלעבאַטישע מענטשן, האָבן זיך נישט געקענט אַרויסהויבן פון זייער נשמה־שווערקייט, נישט געקענט אויפהויבן די פליגל, וואָס זיי האָבן זיך אַליין געבונדן מיט אויסגעטראַכטע שטריק, אָבער די יונגע יאָרן האָבן געוויינט אין יעדן פון זיי, און זיך דערפרייט, ווען מ׳האָט צו זיי אַראָפּגענידערט פון דער איבערטריבענער הויכקייט, וואָס האָט פרעמד און קאַלט געמאַכט די גרויסע גלוסטונגען...

פאַר פּורים האָט זיך די בלאָטע געטריקנט... די וואַרימע זון האָט קליינע סטעזשקעס אויסגעקושט — פאַר די פיס פון דעם מענטש, וואָס איז אַן אָפּגעהיטער און אַ ריינער. די שייבלאַך פונ׳ם שול־לאַמטערן זענען געוואָרן אויסגעפּוצט און האָבן אַנטקעגנגעשפּילט דעם הימל אַ סקאַצעלקומט. די גרויסע טעג פון בליען האָבן אָנגעהויבן זייערע יסורים מיט אַן אומענדלאַך־שטילן געזאַנג, וואָס האָט קיין שום קול נישט געהאַט. דער פרילינג איז אָנגעקומען און אויסגעהיילט די געפּלאַצטע אייז־וואונדן אויף די קליינע זומפּ־וואַסערלאַך, אויסגעקושט די פענצטער־אויגן פון די בלינדע שטיבלאַך, זיי געגלעט מיט אַ ליכטיקער האַנט,

און א גרויסע האָפנונג איז געריטן אויף א פערד, וואָס האָט געהאַט זילבערנע פּידקאָוועס...

די טוכלע קלויז איז געוואָרן פון א פרישן ווינט אויסגעקערט... די וויינענדיקע ווענט האָבן אויפגעהערט וויינען, און די טרערן־צייכנס זענען געבליבן ווי אויף די באַקן פון א מענטש, וואָס פרייט זיך מיט זיין געזונט־ווערן.

אויפ׳ן שול־דאַך איז געזעסן בינעם דער דאַכשלעגער, מיט א פול מויל און אן אויפגעבלאָזענע באַק. ער האָט געצויגן עפּעס פון מויל און עס אריינגעשלאָגן אין דאַך אריין. עס האָט זיך געדאַכט, אז ער שלאָגט שפּייעכץ אין דאַך אריין... און די שינדלען האַלטן זיך מיט שפּייעכץ, מיט נסים...

דערנאָך האָט דער זעלבער איד בינעם, וואָס האָט גע־האַט די „געלע זעכט״ און א מצרים׳דיק זייגערל מיט אידישע אותיות, אנשטאָט ציפער (מ׳האָט געשמועסט, אז ער איז געווען אין פּרעה׳ס מצרים עטלאַכע וואָכן דורכאנאנד, גע־וואָלט דאָרט עפּענען א ליכט־ציערייַ, נאָר ער האָט געקראָגן די „געלע זעכט״ און איז אהיים געקומען „געלער״ און שטאָלצער, און אלע האָבן אים מקנא געווען און געפרעגט: „וואָס איז ער ביי זיך אזוי גרויס, כ׳בעט דיך? מאלע־בעוואיע, איז מען אין מצרים?״ און אלע האָבן דאַביי געטראַכט: „מצרים, מצרים... אַך־כאַ־כאַ, מצרים!״) דער־זעלבער בינעם איז נאָך דעם, ווי ער האָט באַשלאָגן דעם שול־דאַך, געשטאַנען ביי דער גרויסער שול־טיר און באַ־פאַרבט די „אייזערנע קנעפּ״ מיט אלערליי פאַרבן. די ארבעט איז געווען א גרויסע, א שיינע און א הייליקע. יעדער קנאָפּ האָט באַקומען אן אנדערע פאַרב. ווי בוימלאַך וואָלטן געבליט אויף אן שטאָל־גרויען פעלד...

בינעם איז געווען שטאָלץ מיט דעם אויפטו צו באַ־פאַרבן די טיר מיט כל־המינים פאַרבן. די בערשטעלאַך און די קעסטעלאַך פאַרב זענען אים געשטאַנען צופוסנס מיט

גרויס הכנעה און זיך געבעטן: „נעם אונז פאר דיין מלאכת־הקודש”, און אז בינעם האט איינגעטונקען ס'פינזל אין איין קעסטעלע, איז דאס אנדערע קעסטעלע געשטאנען פארשעמט, און אז ס'האט דערזען, ווי די פארשפריצטע האנט דערנעהנטערט זיך צו אים, האט ער אויפגעלויכטן, געשמייכלט און געדאנקט...



# מיר גרייטן זיך צום אַחשורוש־שפּיל

בינעם האָט געהאַט די פאַרב אויף די הענט, אויפ׳ן פּנים און אויף דער שוואַרצער באָרד. אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן פאַרבן די שול־טיר, האָט ער ניט געאײַלט זיך אָפּצעווישן די הענט און באָרד, געוואָלט נאָך לאַנג פילן דעם נאָך־טעם פון דער הייליקער אַרבעט.

דאָס שטעטל איז געשטאַנען בײַ דער טיר און געקוקט. אַלע האָבן מיטגעהאָלפן „מאָלן" — מיט די צינגער און מיט די אויגן. זיך געקרימט, ווי די צינגער און די אויגן וואָלטן געווען בערשטלאַך, מיט וועלכע זיי העלפן פאַרבן.

דער מורה־הוראה אַליין, אַ הויכער, פלאַקסענער מענטש, מיט אַ שטיל, נאָס און פאַרוויינט קול, איז געשטאַנען מיט׳ן תפילין־זאַק אונטער׳ן אָרעם, זיך צוגעהאַלטן דעם ספּאָדעק און געקוקט אויפ׳ן שפּיץ פון שול־דאַך און געטראַכט פון גאָט׳ס הויכקייט. און ווי גוט דאָס וואָלט געווען ווען אידן זאָלן ווערן אויפגעלייזט פון גלות, און שפּיצן פון שול־דעכער זאָלן זיך נישט דאַרפן אין דער הויך באַגעגענען מיט פאַר־שייטע קלויסטער־צלמים, וואָס גרויסן זיך מיט זייער מאַכטיקייט...

דער אַלטער רב שטייט און שטוינט אויף דער שיינקייט פון די געפאַרבטע „קנעפּ". ער רעדט שטיל און מיט אַ נאָס פאַרוויינט קול, וועגן אַזוינע הייליקע זאַכן, ווי פּרוכת׳ן, נר־תמיד׳ס... און מ׳קומט ביסלעכווייז אַרויף אויף דער היי־ליקער וואַנט אין ירושלים, און דער מערת־המכפּלה און ר׳ מאיר־בעל־הנס קבר...

ס׳איז אַ שטיל, פייערליך גאָט־דינען. די פריש־גע־פאַרבטע קנעפּ שמייכלען אַרויס אין דרויסן אַרויס, נעמען

זיך איבער מיט זייער חשוב'קייט. זיי זאָגן: „נאַרישע מענטשן, די בלאָטע איז קיין בלאָטע ניט, די אָרעמקייט איז קיין אָרעמקייט ניט... דאָס מידע לעבן האָט הויכע פאָנען אַרויסגעשטעלט צום ווינט, און אַלצדינג איז האָפענונג און גליק אין שבת־קודש".

די פורים־שפּילערניקעס לערנען זיך דעם שפּיל,—טאַקע ביי יאָשע שניידער אין ווערקשטאַט. מ'טוט זיך אָן די פּאַ־פּירענע קרוינען מיט די שיינע „רייזעלאַך", און מ'האַלט די הילצערנע שווערדלאַך ביי דער זייט, און מ'פלאַמט און מ'היצט זיך און די נאַרישע „דערוואַקסענקייט" גליטשט זיך אַראָפּ פון די אַקסלען, ווי אַ מאַנטל פון אַ יונגער פרוי וואָס גייט זיך באָדן, און נאַרישקייט און שפּיל ווערן שיינער שכל און מוטיקער ערנסט...

זאַנוועל, דער יונג, וואָס איז נאָך אויף דער לערע, איז המן. ער טראָגט אַ „קראַפּ" מיט דריי שפּיצן, האָט הויכע וואָנצעס און ער איז כסדר בייז און שלעכט... לייבטשע איז „מאָרדעכאַי" מיט אַ נאַטירליכן הויקער און ער רעדט צווישן די ציין. דער לאַנגער בעניע איז אסתר המלכה און ער שטופּט זיך אָן מיט קישעלאַך פון הינטן און פון פאָרנט און טראָגט אַ שייטעל... מיין שוועסטער־קינד חיים־אַבל איז קעניג אחשורוש, אויך זייער אַ בייזער, אָבער אַזוי ווי ער רעדט אַביסל אונטער דער נאָז און פאַרבייט אַ „מעם" פאַר אַ „בית"— קומט אויס, אַז ער איז גאָרנישט אַזאַ שלעכ־טער. ווי מען מיינט. איך אַליין האָב זיך קוים איינגעבעטן מען זאָל מיך אַריינגעמען צווישן די שפּילערניקעס—כ'זאָל שפּילן דעם „לאופער". מען לערנט מיך, אַז ווען קעניגין ושתי וועט זינגען:

„אַד, לאופער, לאופער,
דו געטרייער, דו געטרייסטער דינער דו מיין!
אַד לאופען זאָלסט דו צום פאַטערקעניג אין זיין זאַל הינייז,
אַד, זאַגעז זאָלסטו אים ער זאָל יאַ זאַ דום ניכט זיין
אַד, נאַקונט און נאַקונט וועל איך ניכט קומען אַריינצוגייז."

זאָל איך אַרויסציען די שווערד פון דער שייד און ענטפערן:

„וויוואַט, וויוואַט, וויוואַט!
אַט דאָס איז אַקוראַט!"

דערנאָך וועט קעניגין ושתי געבן אַ פּאַל אַוועק און מאָרדעכאַי וועט זינגען:

„כאַפּטס׳ כאַפּטס, גוטע ברידערלאַך
עסיג און שפּיריטלאַך
און רייבטס דער מלכה די גלידערלאַך
און וואָס איר וועט זי בעסער רייבן
אפשר וועט זי לעבן בלייבן"...

שפּעטער וועט מען פירן ושתי׳ן צום טויט, וועלן אַלע שטיין מיט די בלויזע שווערדן אַרום איר און זי וועט זינגען:

„קיין דרייסיג יאָהר
זינד נאָך נישט פערפלאָסען
זייט איך קיניגין בין,
ווייניג פריידע האָב איך גענאָסען,
יעצט איז מיר שוין זאַ שלעכט און זאַ שלים...

צום סוף וועט מען פירן המנ׳ען צו דער תליה. ער וועט טראָגן ס׳היטל פּאַרקערט—מיט די „קראַפּן" אַרויף. אַלע וועלן אַריבערלייגן די שווערדן איבער זיין קאָפּ אַזוי ווי אַ חופּה און ער וועט זינגען מיט אַ ביטער האַרץ:

„אוי באַרענבוים, אוי באַרענבוים,
גיב מיר פון דיינע צווייגן...
אַ תליה פאַר מיין מידן קאָפּ
טו איך ביי דיר בעטן.

און ער וועט מאַכן ווי דער באַרענבוים ענטפערט (אויף אַ באַס — מיר אַלע זיינען דאָס דער באַרענבוים!):

„נייז, א נייז...
נישט פון מיינע צווייגן
קען איך דיר טין געבן
אפילו פאר א תליה...

דערנאָך בעט ער זיך ביים עפּלבוים און ביים באַקסערבוים, אָבער קיינער וויל ניט געבן פון זיינע צווייגן. ביז סע קומט צום דאָרענבוים. יענער ענטפערט (אויך אויף א באַס):

„אַ, יאַ, אַ, יאַ...
פון מיינע צווייגן מעגסטו דיר
א תליה טין אויסבויען".

יאָשע דער שניידער לערנט מיט אַלעמען דעם שפּיל, ווייזט ווי מען דאַרף טאָן און וואָס פאַר אַ מינעס מ'דאַרף מאַכן און ווייזט דעם קעניג אַחשורוש ווי אַזוי ער זאָל טראָגן די שווערד זי זאָל זיך נישט טאַלעפּען צווישן די פיס. לייבטשע — דער ערשטער געזעל — זאָגט אָן, אַז מיר זאָלן ריידן וואָס מער „דייטש", ווייל ס'איז ניט שיין צו שפּילן אויף זשאַרגאָן... עלקע, די שניידער־מויד מיט געקאַרבטע האָר, איז לויטער שמייכל און זאָגט „קרעפּלאַך זאָלט איר עסן" — און גיט טאַקע אַלע מאָל עפּעס אין מויל אריין. און ווייזט דעם לאַנגען בעניע, ווי אַזוי ער זאָל טראָגן דאָס קישעלע פון הינטן, און גיט אים אַלע מאָל אַ שטויס מיט דער קני צווישן די פיס... לייבטשע לאָזט אַלע מאָל אַרוס אַ קוויטש פון גרויס ווייטאָג, רופט זי „עוורוק" — הפּנים עפּעס אַ פאַרקערט שניידעריש וואָרט... און אַלע מאָל, ווען עלקע קומט צו נעענטער און וויל נאָר אויפהויבן אַ קני, גיט ער זיך אַ בויג איין און פאַרשטעלט זיך מיט ביידע הענט...

איך בין צעטומעלט און פאַרפיבערט. גאַנצע טעג ליג איך אויפ'ן בוידעם, צווישן פסח'דיקן געשיר, און טו זיך אָן דאָס פאַפּירענע היטל... און ס'האַרץ רייסט זיך ערגעץ, אינ־

איינעם מיט די אויפגעבראָכענע וואַסערן, וואָס רוישן אין דרויסן, און ביינאַכט פון שלאָף מורמעל איך:

„וויוואַט, וויוואַט, וויוואַט!
אַט דאָס איז אַקוראַט!"

איך מוטשע זיך אָן, מוטשע זיך אויס. איך שעפּ מיך אויס ביז צום לעצטן טראָפּן... די מאַמע פרעגט, וואָס איז מיר? און ווער איז עס דער וויוואַט, וואָס איך רעד וועגן אים פון שלאָף — שוין אַ ניי חבר'ל?.. און דער פעטער איציק גלעט מיר די באַקן, רעדט מיט מיר וועגן „שאָושפּיל" און וועגן ווין... און וועגן דראַמען... און וועגן איבסען. ער מיינט, אַז איך דאַרף נישט אָנהויבן אַזוי יונג, סיידן, אַז איך פיל אין מיר דעם אמת'ן געטער־פונק. און דער עיקר זאָל איך נישט פאַרגעסן זיך צו פּוצן די ציין, ווייל „אין אַ געזונטן קערפּער איז אַ געזונטער גייסט".

איך פאַרשטיי ניט אַקוראַט וואָס דער פעטער זאָגט... אָבער די רייד זיינען זיס און באַ'טעמ'ט, ווי געברענטער צוקער... ביינאַכט חלום איך פון אַ גאָט מיט אַ לאַנגער באָרד, וואָס רייבט צוויי שטיקלאַך „קרעמין" איינס אָן ס'אַנדערע און סע פליען פונקען... דערנאָך שטופּט ער מיר אַריין אַ בעזימל אין מויל אַריין און פּוצט מיר די ציין... איך שריי, אַז דאָס בעזימל איז צו גרויס, אָבער גאָט בייזערט זיך און שרייט, אַז ס'איז גוט אַזוי, און די מלאָכים שטייען אין אַ רעדל, אָנגעטאָן אין פּאַפּירענע היטלען, מיט „אַנטבלויזטע שווערדן" אין די הענט און זיי זינגען:

„וויוואַט, וויוואַט, וויוואַט!
אַט דאָס איז אַקוראַט!"

אַז סע קומט די נאַכט פון פּורים בין איך אַזוי אויסגעמאַטערט און צעשרויפט און אָנגע'שיכור'ט מיט זיך אַליין, אַז איך פאַל אַוועק אויפ'ן בעט אַ מידער און ווער אַנטשלאָפן און פאַרשפּעטיג דעם גאַנצן וואונדערלאַכן גרויסן אחשורוש־שפּיל...

# גרינגע טעג

די טעג זענען געגאַנגען. שטיקלאַך אייביקייט זענען געראָנען פון דעם געעפנטן צייט־שפּונט און האָבן מיטגענומען מיין לעבן — איך בין ווינציקער און גרעסער געוואָרן. די אויגן האָבן נאָך מערער געביינקט נאָך וואונדער, וואָס פּלאַצן אין דער לופט, ווי שאָלאַכץ פון גאָלדענע אייער. אומענדלאַך שיין און ווייט — איז געלעגן דאָס לעבן — ווי אַן אַהינצוציאיק פעלד מיט געל־ווערנדיקן ווייץ, וואָס דער ווינט רעדט צו אים, דורך זומערדיקע שטילקייטן, און די ערד קושט יעדע זאַנג ביים וואָרצל, און די פייגל מאַכן קרויזיקע פלי־צייכנס איבער דעם, און ערגעץ־ערגעץ קלינגט דאָס דאָרף, קלינגט א האַק, א סערפּ, א בראָנע, קלינגט דאָס געבענשטע לעבן פון מענטשן בלינדע, וואָס זען דורך די פאַרמאַכטע אויגנדעקלאַך בלויז א דינעם אָפּשיין און ווייסן, אז ס׳איז טאָג און אז ס׳שמעקט מיט הימל און מיט ערד און מיט זומער.

די אינגלישקייט איז אין מיר צייטיק געוואָרן, ווי אַן עפּל, וואָס איז פאַרטיק צו פאַלן פון א בוים, וואָס שטייט לעבן פּלויט — אויפ׳ן אָפענעם וועג ארויף צום צעטרעטן ווערן פון דעם זאַטן, אָדער צום אויפגעהויבן־ווערן פונ׳ם הונגעריקן...

א גאַנצע וואָך האָט מען געלערנט אין חדר, איינגעזאַפּט אין זיך דעם טעם פון ביטערלאַך־שווערער אידישקייט, דעם ריח פון אַלטע גמרות, פון שלעכטע, גרינלאַכע ליכט, פון פאַרמאַכטע פענצטערלאַך, פון א קראַנקן רבי׳ן, וואָס ליגט אין באַנקבעטל, און וואָס די טוכלע ווערטער פאַלן אים ארויס פון מויל, ווי לויזע, אַלטע ציין — פאַלן צווישן דער קוטשמיקער באָרד, וואַלגערן זיך אַראָפּ אונטערן טיש און

קומען צו אונז, חדר־אינגלאך, ארויפצעצו — פייכטע, פאר־ברודיקטע, דערשרעקנדיקע...

דער רבי איז געווען אן אלטער און א קראנקער און א שוחט. פון אים האט זיך געפילט קעלבל־בלוט און מעבר־יבק. ער איז געווען פרום מיט דער גרויסער פורזעכטיקער פרומקייט פון איינעם, וואס וויל זיך שטארק באווארענען מיט עולם הבא און וויל נישט ריזיקירן מיט גארנישט. דער־פאר פלעגט ער אין דאוונען איבערזאגן כמעט יעדע שורה עטלאכע מאל — אויף אלערליי אופנים „אדון עולם אשר מלך בטרם כל יציר נברא, — בטרם כל יציר נברא אשר מלך אדון עולם — בטרם כל, בטרם כל, יציר נברא, יציר נברא, אשר מלך אדון עולם — אדון עולם אשר מלך" — זיין לעבן איז געווען ווי א קליין שטייענדיק רעגנוואסערל, אין א גריבל, וואס האפט צו דערגרייכן דעם ים, אויף די פלינלען פון א פליג, וואס וועט עס אהין איבערטראגן.

ביי מיין רבי'נס טיש זיצן 4 בעלבתיש'ע קליינע אינג־לאך, שאקלען זייערע שאטנס אויף די ווענט, זאגן נאך די ווערטער פון „גיטין" און „קדושין", און טראכטן שעמעוו־דיקע, פריקרע־קיצלדיקע זאכן, וואס הויבן פון ביינקל, און טראגן אין דרויסן ארוים, אויף פעלדער ארויף.

אינאיינעם מיט אונז זיצט אויך אויף דער באנק א איד מיט א בעזמדיקער בארד, וואס איז כמעט גרין פון טאבעקע. ער איז א דארפסניק, וואס איז מיט אמאל נתעשר געווארן פון עפעס א משא־ומתן, האט ער זיך דער־מאנט, אז עס איז פאראן א תורה אויף דער וועלט, א פאר־זיגלטער קוואל, וואס מ'דארף אויפרייסן און טרינקען פון אים, און הנאה האבן, — וואס קען מען דא אנווערן, הא?

ר' שאמטשע איז געזעסן ביים טיש מיט אלע קליינע אינגלאך, זיך איינגעהערט נישט נאר מיט די אויערן, נאר מיט דער נאז און מיט די אויגן און מיט דער פלייצע. אלצ־דינג אים אים האט זיך איינגעהערט, און די צונג זיינע איז בסדר ארומגעפארן אין פארגאפטן, אפענעם מויל, אהין און

צוריק, און די געלע אויגן האָבן ווי א גומי־פּאָמפּל אריינגעצויגן אין זיך די הייליקע ווערטע, און געוואָרן גרעסער און גרע־סער. אַ גרויסע שטוינונג איז אין זיי געווען, און א זיסע פּאַרכטיקייט, און א בידנע האָפענונג.

ר׳ שאַמטשע האָט געטראָגן ברילן מיט מעשענע שפּיז־לאַך. אז די ברילן זיינע אלע ווילע פארצויגן געוואָרן און עפּעס ווי געוויינט — געוויינט, וואָס אויף די עלטערע יאָרן דאַרפן זיי זיצן אויף אַזאַ קרומער, נישט־זיכערער נאָז — וואו מען קען יעדע מינוט אראָפּפאַלן און ברעכן האַלז־און־אַקן... און ס׳לינקע, אביסל־אויפגעהויבענע גלעזל האָט כסדר געקוקט צו די שפּיזלאַך, צי זיי האַלטן זיך, און עפּעס נישט געגלויבט, אז מען קען זיך אויף זיי פאַרלאָזן.

צווישן מיין רבי׳ן און ר׳ שאַמטשע׳ן פלעגן גיין שמועסן וועגן וועלט־זאַכן, וועגן אידישקייט, וועגן פּאָליטיק. דער רבי איז געווען קאַרג אויף ווערטער (א חוץ אויף דאוונען), און פלעגט ריידן בלויז יעדעס פערטע אָדער פינפטע וואָרט... די ערשטע דריי־פיר ווערטער פלעגט ער איבערהיפּן, זיך פאַרלאָזן דאַרויף, אז אירט שוין אליין טרעפן, וואָס ער מיינט...

דרייפוס... ציג וואָס? מחמת — ס׳אונצל... גלאַט... הפקר... הע — מטשע?

און ר׳ שאַמטשע פלעגט ענטפערן:

— אַזאַ יאָר זאָל איך האָבן, ווי איר זענט גערעכט, רבי...

— טערק? — פלעגט ווייטער גיין דער רבי — א מפּלה... ער — און קירה!... א כאַפּ אביסל...

— אַזאַ יאָר זאָל איך האָבן, ווי איר זענט גערעכט, רבי...

— מעט פליען — אויפ׳ן בוידים ארויף... א הוש! הע — מטשע?

וואָדען? מ׳עט פליען? — מענטשן וועלן פלוצים נעמען און פליען... שיין וואָלט דאָס געווען! ווייסיך וואָס!

און די צוויי שורות געלע ציין מיט בלאסלאכע יאסלעס בלעזלען ארוים א געלעכטער, וואָס האָט קיין טעם נישט...

עס ציט די זינד — עס רייצט דאָס תשובה־טאָן. אין שול שטיי איך לאַנג ביים דאַווענען און צו דעם „אחד" און קלאַפּ זיך אין האַרץ אריין מיט א האַרטן פויסט... אָט באַלד, און איך גיי אַראָפּ פון גאָט׳ס קעסט — הער־אויף ווערן א פריי שעפעלע, וואָס מעג טאָן, וואָס עס וויל, ווייל דער פּאַסטוך האָט עס נאָך אין דער טשערעדע ניט אריינגענומען — באַלד־באַלד ווער איך בר־מצוה, א בעל־חוב, וואָס דאַרף באַצאָלן חובות, איינער פון דער טשערעדע... וואָס האָט א בייזן פּאַסטוך, און מ׳טאָר אפילו נישט טראַכטן, אז דער פּאַסטוך איז א שלעכטער, אז נישט, לאָזט ער אַראָפּ די בייטש.

איך האָב פיינט געהאַט גאָט פאַר זיין שטרייגגקייט — און פון שווערער מורא איבערגעבראָכן די שנאה אויף ביטערער ליבשאַפט, פאַרצווייפעלטער געטריישאַפט, קנעכטשאַפט...

דער טאַטע האָט מיר געשיקט פון אַמעריקע אַן אויפגעשריבענע דרשה, אויף דייטש און אויף לשון־קודש, און מיר געשריבן, אז איך זאָל למע"ה אויסלערנען די דרשה און זי זאָגן צו מיין בר־מצוה.

די דרשה איז געווען א שווערע און א פאַרדרייטע, און ס׳דייטש איז געווען א האַרטס און א טרוקנס, ווי דאָס ווייסע „פלאַקס־פלייש", וואָס מ׳קייט און מ׳קייט און מ׳קען עס נישט צעקייען. עס האָט זיך דאָרט גערעדט וועגן הויכע ענינים, וואָס איך האָב נישט פאַרשטאַנען, און איך האָב געמוזט אָנקומען צום פעטער איציק. ער זאָל מיר פאַרטייטשן, וואָס דאָס מיינט.

דער פעטער איציק האָט איבערגעלייענט די געשריבענע דרשה, זי איידל און פּאַמעלאַך צעקנייטשט צווישן די שיינע פינגער און געזאָגט:

— גיי אהיים און לערן דיך אוים ריידן מיט׳ן אייגענעם מויל!

וואָס מיינט איר מיט דעם, פעטער?

איך מיין, — האָט געזאָגט דער פעטער, — אז דיין טאַטנ׳ס דרשה וואָלט געווען א גוטע דרשה פאַר דיין טאַטן, ווען ע ר זאָל דאַרפן ווערן בר־מצוה, אָבער נישט פאַר דיר... דו לערן זיך בעסער אויס צו זיין א מ ע נ ט ש — פאַרשטייסט? נישט קיין האָלעדריזניק, א דרשה־זאָגער, א יאַמפּאַמפּיפּאַ...

דער פעטער גלעט מיך איבער די קליינע פאה׳לאַך, באַדויערט, וואָס איך בין נישט געבוירן געוואָרן אביסל שפּעטער...

איך וויל איבערפרעגן, וואָס ער מיינט מיט „יאַמפּאַמ־פּיפּאַ“—אָבער איך שעם מיך... איך פאַרשטיי אויך נישט, ווי אזוי מ׳קען נ י ש ט האַלטן קיין דרשה, אז מ׳ווערט בר־מצוה. אָבער דער פעטער קומט מיר אביסל צו־הילף און זאָגט...

— איך וועל פאַר דיר האַלטן א דרשה! גיי אַהיים און דליבע דיר נישט די נאָז... און שטופּ נישט קיין שוועבעלאַך אין אויער אריין — ס׳א אידישע טבע!...

— — — — — — — — — — — — — — — —



# „עגמת נפש“

שבת שפּילן מיר אין נים.

מיר קומען זיך צונויף אין כאַיטשעס׳ס שטיבל, אויף דער גרעבליע — אינגלאַך מיט מיידלאַך און מיר שפּילן אין נים, פון אַ ברעטל אַראָפּ, און מיר עסן נאַהיט, און כאַיטשעס׳ס טעכטערל „עגמת נפש“ (זי הייסט הפּנים „אַגנעס“ — נאָר אין שטאָט רופט מען זי „עגמת נפש“) גייט אַרום מיט אַ קליין פּאַרטוכל, וואָס האָט אַן אויסגעהעפט בלימל פון פּאַ־רענט, און צוויי גרויסע קעשענעס, און זי טראָגט גרינע אַק־סעלבענדער, איבער אַ קליידל מיט אַ טוניקל...

„עגמת נפש“ איז ערשט נישט לאַנג צוריקגעקומען פון ווין, וואו זי איז געוועזן אַ קעלנערין — זי שפּרעכט אַבי־סעלע דייטש, זאָגט „יאַ־וואָהלטשיק“, האָט אין זיך די פרישע, חנ׳עוודיקע פרעכקייט, פון אַ מענטש, וואָס די זינד איז ביי אים נאָך ווי אַ בליהענדיקער בוים, וואָס די פרוכטן זיינע זיינען שיינער, רייצנדיקער סם...

„עגמת נפש“ האָט אַ קליין יאָדרעוודיק פּנימ׳ל, מיט אַ סך וואָרצלען און זומער־שפּרינקעלאַך און אַלצדינק אין איר איז פלינק ווי אַ מויז — די הענט, די פיס, די בריסט־לאַך, די אויגן.

„עגמת נפש“ האָט מיך אויסגעקליבן פאַר איר קרבן. רופט מיך „פּאַצעט“: „הערן זיי מאַהל־טשיק“, וואָלען זי וואָס שעהנטשיקס?“ און אַז „עגמת נפש“ זאָגט אָט־די ווערטער איז זי שיין ווי די וועלט, ליכטיק ווי דער הימל, געשמאַק ווי אַ רעטיכל מיט פריש וואַסער...

מיר שפּילן נים—איין נוס קלאַפּט זיך אָן אין אַ צווייטער, און געווינט זי... אַ נוס גליטש זיך פון ברעטל אַראָפּ, גייט זיך איר אייגענעם וועג און פאַרלירט — זיך אַליין אויך...

(זאָלן מיר זאָגן, אז אזוי איז אויך דער מענטש? און אז דאָס וואָס ער רירט ניט אָן, איז ווי עפּעס פאַרלוירנס, נאָך וועלכן מען בענקט שטענדיק).

דורכ'ן פאַרקאַלכטן און מיט־ליים־פאַרקלעפּטן פענצ־טערל שבת'ט זיך אריין די אויסגערוטע זון. פון דער ווייטן, וואו די שליוזעס זענען, זידט אריין א צעקלינגלטע, דריבנע, געזילבערטע שטילקייט, און — פאַראויס איז די גרויסע, גרויסע וועלט — דער וועג קיין ווין...

מ'שפּילט און מען לאַכט און מען צערייצט זיך און מען ווערט מיד. מ'טרינקט קאַלטן קוואַס פון באַרלאַך. מ'עסט נאַהיט... „עגמת נפש" זינגט א לידל, געבראַכט פון ווין־טשיק... דאָס לידל איז נאַריש און חנ'עוודיק, און דערמאָנט, אז דאָס לעבן איז א שפּילכל, און אלצדינג איז גרינג און פּראָסט און שפּילעוודיק

סע זעצט זיך די זון. צעשמירט אַביסל רויטס איבער אָרעמע שייבלאַך. אויפ'ן פענצטערל שפּילט א גרינע פליג — וויל זיך דורכבויערן א וועג דורך דער שויב, מיט'ן פלינג־קעפּל..

מיר גייען ארויס צום טייך — מיר וואַרפן שטיקלאַך שפּענדלאַך אויפ'ן וואַסער און מאַכן „קאַטשקעלאַך" — מיר צערינען זיך איינציגווייז, צווייענווייז... אמאָל א אינגל מיט א מיידל, אמאָל א אינגל מיט א אינגל. וואָס רעדן וועגן א מיידל מיט א אינגל. דער פאַרנאַכט איז אויסגעלאָסן, די זשאַבעס זענען אויסגעלאָסן — אויפ'ן הימל שטייען א זון און א לבנה.. ביים טייך־ראַנד טוען זיך אָפּ וואונדער אין פאַרבן. עפּעס ברענט און ווערט. עפּעס ווערט־נישט און ברענט. ווינטלאַך קומען וואַרעמע, שוואַנגערע, לוסטיקע — וויזן אויף די פאות און אויף דער תבואה אז — אהינצעצו... אַלצדינג נייגט זיך אהין, אַהין.. אהינצו איז דער ווילן. די גלוסטונג. די האָפנונג, דער אויפגאַנג פון א באַזויפּענער לבנה..

איך נעם „עגמת נפש" אונטער'ן אָרעם און אין האַרצן

ציטערט עפּעס. מיינע פינגער ציטערן און רירן זיך סוף־כּל־סוף אָן אָן עפּעס וואָס איז ווי ווייַן און ווי לבנה און ווי הימל און ווי אַלע וואונדער פון דער וועלט...

אז איך קום אַהיים ליגט די מאַמע קראַנק אין בעט. זי שליקערצט און האָט קאַפּווייטיק. שפּעטער פאַלט זי אין חלשות. מען מינטערט זי, מען מינטערט זי, מען דערמינ־טערט זי קוים...

איך ווייס, אז דאָס איז פאַר מיינע זינד, ווייל איך האָב אָנגערירט מיט די פינגער א מיידל׳שע ברוסט — איך ווייס, אז דאָס וואָס די מאַמעשי חלש׳ט איז קיינער נישט שולדיק, נאָר איך, א י ך, א י ך...

איך לויף ארויס אין דרויסן ארוים און בייס ביז בלוט די האַנט און קנייפּ אויף זיך דאָס לייב און פּייניג זיך, און טו זיך אָן יסורים...

און די גאַנצע צייט פון מיין פּייניגונג איז אויף מיינע שפּיץ פינגער די געבענשטע לייטזעליקייט פון דעם ערשטן אָנריר אין מיין האַרץ ווײנט עפּעס און זינגט. . .

---

# די טשאַמקים

טשאַמקי און פּיצי האָבן באַשלאָסן מאַכן אַ חתונה־רייזע צום ניאַגראַ וואַסער־פאַל. דאַבײַ האָבן זיי אָפּגעמאַכט, אַז זיי זאָלן זיך די גאַנצע צייט אויפפירן ווי „פרעמדע״ — כדי עס זאָל זײַן געשמאַקער און זינדיקער.

פּיצי האָט געזאַמלט מאַטעריאַל פאַר אַ נײַעם בוך — אַ מאָדערנע ליבעס־געשיכטע, מיט אַ העלד, וואָס „נעמט אַלץ וואָס אים קומט״... זי האָט אייגנטלאַך נישט אָנגע־צייכנט קיין שום וועג פאַר איר העלד, נאָר זי האָט אים גע־לאָזט גיין אַהין, וואו דאָס אָנגעזאַמלטע מאַטעריאַל האָט אים געפירט. דאָס „מאַטעריאַל״ איז מייסטנס געווען נישט איר אייגענס. פּונקט ווי איר אייגען לעבן איז געווען צונויפגע־טראַכט פון פאַרשיידענע ביכלאַך, אַזוי זענען אויך אירע ביכלאַך געווען צונויפגעטראַכט—דער רוח־ווייסט פון וואַנעט.

אירע נאָטיצביכלאַך זענען געווען ווי מילבנבייכלאַך, וואָס פאַרשלינגען עלעפאַנטן... זי האָט גענוצעוועט און גע־שטוקעוועט און געלאַטעט אַזוי קונציק — אַז דאָס איז שוין מער נישט געווען קיין גנבה, נאָר כמעט קונסט...

מיט דעם כח און מיט דער צייט וואָס עס האָט גענו־מען צו לאַטן, האָט מען געקענט מאַכן אַ נײַעם בגד, אָבער פּיצי׳ן איז עס נישט אײַנגעפאַלן.. פּונקט ווי עס איז איר קיינמאָל נישט אײַנגעפאַלן, צו זאָגן דעם פּראָסטן, באַקוועמען אמת. דאָרט וואו צו זאָגן אַ ליגן איז געווען אַ סך שווערער און אומבאַקוועמער.

פּיצי און טשאַמקי זענען געווען אַ גוט־צוגעפּאַסט פּאָר. אין איר איז אַלצדינג געווען קרום. אין אים אויך. ביידע קרומקייטן האָבן זיך דערלאַנגט די הענט, ווי צוויי קרוקן פון שטעקנס, זיך פאַרטשעפּעט, פעסט געהאַלטן, זיך געשלאָסן...

דאָס יונגע פּאָר פֿאָלק האָבן אָפּגערעדט מיטנעמען מיט זיך דעם אידיש־גוי׳שן קריטיקער דאַן, וואָס וווינט ביינאַכט און רופט „מאַ־מע". דאָס איז געווען טשאַמקי׳ס אַן איינ־פֿאַל.

— מיר׳ן מיטנעמען דעם מר. דאַן — האָט ער געזאָגט צו פּיצי׳ן, וועלן מיר אי האָבן „פּובליסיטי" אי שפּאַס.. ער איז זייער אַ קאָמישער! אַ יונגער בחור, וואָס איז געבוירן געוואָרן אויף דער עלטער...

— אויף דער עלטער? — האָט פּיצי געפֿונען אַ גע־לעגנהייט אויסצונוצן אַרטור שניצלער׳ס אַן אַפֿאָריזם, וואָס איז ביי איר שוין לאַנג געווען פֿאַרצייכנט אין ביכל.—„נישט דער מענטש איז אַלט, וואָס איז אַלט, נאָר דער וואָס דאַרף מאָרגן שטאַרבן — אפילו ווען ער איז זייער יונג"...

טשאַמקי האָט זי אָנגעקוקט מיט זיינע העליש־פֿייער־דיקע אויגן, נישט פֿאַרשטאַנען אַקוראַט קענען וואָס דאָס איז מיטאַמאָל געקומען צו רייד. אָבער ער האָט פֿונדעסטוועגן באַוואונדערט איר טיפֿע קלוגשאַפֿט און נישט געוואוסט, אַז דאָס איז נישט אירס.

— בראַוואָ! ...טוואָי מאַט! — האָט ער זיך געוואָרפֿן מיט אַ קרעפּטיק רוסיש זידל־וואָרט. דו רעדסט אַזוי קלוג, אַז דער רוח מעג דיך נעמען.

— גיב־זשע מיר אַ קוש! — זאָגט פּיצי און מאַכט אַ קניפּל פֿון די ליפּן.

קוש מיך אין — — ענטפֿערט טשאַמקי מיט אַ גרעבלאַך וואָרט — איצט זענען מיר מאַן־און־ווייב, דאַרפֿן מיר שפּאָרן די קושן אויף דעמאָלט ווען דאָס קושן קומט צונויף.

פּיצי האָט געטראַכט, אַז דאָ וואָלט געפּאַסט אַרויסצוע־לאָזן אַ טרער, ווי אַ באַליידיגטע. האָט זיך אין געדאַנק גע־פֿייניקט — אַרויסגערופֿן אין זיך אַ בילד ווי זי האָט פֿאַר־פֿרישטשעטע ליפּן און אַן אויסגעשלאָגענעם צאָן — און זי האָט קוים אַרויסגעמוטשעט פֿון זיך אַ צוויי־דריי טרערן...

טשאַמקי האָט זיך שטילערהייט „געגאָרגלט", געמאַכט

קונצן מיט זיין שטים, זיך געפּרופט צי איז זי נאָך דאָ, און הנאה געהאַט דערפון, וואָס ער איז נישט קיין אַנדערער ווי ער אַליין — דער געזונטער, שטאַרקער, הויכער מאַנצביל, מיט גרויסע אַפּעטיטן און מיט כח אָט־די אַפּעטיטן צו באַדינען ווי סע קער צו זיין.

— טשאַמקעלע טייערער!

— וואָס איז?

— זע, איך וויין!

— פע, סע פּאַסט דיר נישט! — האָט געזאָגט טשאַמקי און אַ פאַרקאַטשע געטאָן די וואָנצעס, ווי אויף צו בייסן...

אַ ווייל האָט ער געקוקט אויף איר און דערנאָכדעם האָט ער געזאָגט:

— פע, דו ביזט מיאוס, אַז דו וויינסט! שיין וויינען קענען בלויז די אידישע פרויען — ביי זיי איז עס נ אַ ט י ר־ל אַ ך.

דאָ האָט שוין פּיצי געוויינט מיט ערלאַכע טרערן... און זי איז געוואָרן נאָך מיאוס'ער, געפּאַלענער, שפּל'ער...

# אויפ׳ן אייזנבאַן

דער קריטיקער דאָן האָט אודאי מיט פאַרגעניגן אָנגענומען די איינלאַדונג צו באַגלייטן די טשאַמקי׳ס אויף זייער רייזע... און ער האָט טאַקע באַלד וועגן דעם אריינגעשמוגלט א באַריכטל אין א אידישער צייטונג, אז „דער גרויסער קינסטלער־טשאַמקאַדירא און זיין פרוי, די באַרימטע שריפטשטעלערין מערי פיטצדאָנאַלד לאָזן זיך אַוועק אויף א האָניקחודש רייזע און אז דער באַוואוסטער קריטיקער (דאָס האָט ער אליין אזוי אָנגעשריבן) דאָן איז פאַרבעטן געוואָרן מיטצופאָרן אלס, ערשטנס, פערזענלאַכער פריינט פון דער פאַרפאָלק, און צווייטנס, דערפאַר, ווייל דער באַרימטער קריטיקער דאָן (דאָס האָט ער אליין אָנגעשריבן וועגן זיך) האָט עפּעס וויכטיגעס דורכצופירן אויפ׳ן געביט פון א ביאָגראַפיע פון די גרויסע קינסטלער ה׳ טשאַמקאַדירא און זיין פרוי מערי פיטצדאָנאַלד“...

אז דאָן איז אריינגעקומען אין באַן, האָט ער זיך דערוואוסט, אז טשאַמקי און פיצי האָבן א באַזונדערן „סטייטרום“ פון וואַנעט זיי גייען כמעט נישט ארויס, און ער אליין איז געזעסן אין געהאַקטע וואונדן און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך, געפילט, אז ער איז בלויז א שאָטן פון עפּעס א גרויסער זאַך, און אז די גרויסע זאַך איז אַוועק און ער איז געבליבן איינער אליין, אַן איבעריקער, א נישט־נוציקער.

פונדעסטוועגן האָט ער אויף זיך אויסגעגלייכט דאָס רייזע־רעקל, אַרומגעקליבן די שטויבעלאַך אויף די לאַצן, אויסגעבלאָזן דאָס ציגאַר־שפּיצל, אריינגעשטעקט א פאַפּיראָס און געהאַלטן עס אין מויל — גלייך ווי ער וואָלט גערויכערט. די באַן איז געלאָפן, איינגעשלונגען מיילן און זיי איבערגעלאָזן הינטער זיך — אויסגעשפּיגענע מיאוס׳ע מיילן. ווער

דאַרף די מײַלן וואָס ליגן הינטער אונז?

עס האָבן זיך געדרייט מענטשן אַרײַן און אַרויס בײַ די סטאַציעס. די וואַגאָנען האָבן אַלע מאָל אָנגעשעפּט אַ פּאָר קענדלאַך מענטשן און זיי צוריק אויסגעגאָסן אויף די פעלדער, לעבן די דאָרפישע וואָקזאַלן, וואו עס הענגען שילדן מיט נעמען, וואָס קיינער דאַרף זיי נישט און וועט זיי נישט געדענקען.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט געפייפט און געסאָפּעט, הינטער'ן וואַגאָן איז עפּעס נעגאַנגען און אַליין איז דער וואַגאָן געשטאַנען און געשפּיגן הינטער זיך מיט פעלדער און וועלדער.

עס איז געווען הערבסט.

די ערד האָט צוריק אײַנגעמאָנט דאָס ביסל גרינס אירס, וואָס זי האָט אַנטליגן אויף איבער'ן זומער. איצט זענען די וועלדער געשטאַנען רויט און פאַרשעמט און אָפּגענאַרט. אָדער געל און קראַנק. די צווייגן האָבן זיך גרינג געמאַכט ס'האַרץ, דערמיט וואָס זיי האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט. די קוקורוז־פעלדער זענען געווען אונטערגעשוירן, ווי אומרײַנע קעפּ. טרויער איז געפלויגן אויף די פליגלען פון אַ סך פויגל און פון וואָלקענס. און פון בידנע רויכלעך פון קוימענס, און הענער־געשריי, און טייך־געפּלים, און איבער אַלע טעלעגראַף־דראָטן איז ווי איבער אַ ריזיקן וועלט־פידל געגאַנגען די וויסטע בשורה:

— דער טויט...

דאָן האָט אַרויסגענומען אַ קליין נאָטיץ־ביכעלע און פאַרצייכנט עפּעס אַ פּאָר ווערטער, וואָס האָבן גאָרנישט באַדייט — נישט פאַר אים, נישט פאַר קיינעם נישט. ער האָט דאָס געטאָן כמעט אָן זײַן וויסן, אָנגעשרויפט פון אַ געפיל זיך צו ווייזן פאַר אַלעמען, ווי אַ שריפטשטעלער.

דאָן האָט געקוקט דורכ'ן פענצטער פון דער באַן און זיך דערמאָנט אז — צו וואָס פאָרט ער אויף פרעמדע

„האניג־חדשים“? ער האט געטראכט: אין 60 יאר ארום וועלן מענטשן, וואס פארן דא, זיין טויט... פאליאטשי... אך, פאליאטשי... ער האט אויפגעמאלן אויפ׳ן נאטיץ־ביכל א מענטשל מיט א שווערדל און מיט ברילן (אלע זיינע מענטשלאך האבן געהאט שווערדלאך מיט ברילן), זיך שטילערהייט אונטערגעזונגען עפעס פון פאליאטשי...

אין דרויסן האט גענומען גיין א דריבנער שניי, צי א האגל. דורך די פארבעלמעטע, וויינענדיקע פענצטער איז געווען שווער צו זאגן, וואס דאס איז...

אין „שפייז־וואגאן“ זענען זיי געזעסן אלע דריי, געזעסן און געשמועסט וועגן גרויסלאכע זאכן.

— אנאטאל פראנס, — האט געזאגט פיצי, — איז נישט קיין קינסטלער, נאר א נביא, אזוי ווי גהאנדי... דער לעצטער איז א נביא פון איין באשטימטן גאט. פראנס איז דער נביא פון אלע געטער...

— לעם־טשאפס! — האט געזאגט טשאמקי צום שווארצן קעלנער, וואס האט געדרייט מיט׳ן האנטיכל אויפ׳ן רעכטן ארעם און זיך מיט דערשראקענע ווייסע אויגן איינ־געהערט אין די גרויסלאכע ווערטער.

— לעם־טשאפ „סו?“ — האט דער נעגער איבער־געפרעגט אויף זיין דיאלעקט, און דאס ווארט „סו“ האט ביי אים געמיינט „סער“.

— נישט לעם־טשאפ־סואי, — האט זיך טשאמקי גע־ווארפן מיט א וויצל, — נאר א לעם־טשאפ, טשעפ.

דער טשעפ האט ביי אים געדארפט מיינען Chap

ביידע, אי פיצי אי דאן, האבן אונטערטעניק גע־שמייכלט פון דעם אומזיניקן ווארט־שפיל. טשאמקי האט פארקאטשעט די וואנצעס, געלאזט צוגיין א פירעקעכדיק שטיקל פוטער אויפ׳ן הייסן „טאוסט“, ארויסגענארט פון האלז ארויס דעם אפעטיט אויף די ליפן ארויף, נאך איידער ער האט געגעסן, זיך באלעקט, ווי א קאטער, פון דעם ריח פון די גוטע עסנס, און געזאגט:

— קיין זאַך דערהויבט נישט אַזוי דעם מענטשן, ווי מוזיק... נעמט באַכ'ן, צום ביישפּיל...

טשאַמקי'ס „לעם־טשאַפּס" זענען דערלאַנגט געוואָרן צום טיש סערווירט מיט אַלערליי געשמאַקע גרינסן. האָט ער צוערשט אַ טרונק געטאָן פון דער געשליפענער, בויכיקער פלאַש, פאַגעסן וועגן באַכ'ן, און גענומען עסן דאָס לייב פון דעם געבראָטענעם לעמעלע.

דאָן האָט געקוקט מיט קנאה אויף דעם פּאָר פאָלק, מיטגעהאַלטן מיט אַלצדינג, וואָס זיי האָבן געזאָגט און געטאָן — נאָכגעשאָטנט זייערע געלעכטערלאַך, זייער כלומר'שטדיקע פאַרליבטקייט, געווען פאַר זיי ווי אַ טע־לער, אויף וועלכן מען סערווירט די לעם־טשאַפּס, און אַליין געווען פרעמד און בידנע. אָט באַלד וועט מען אים איבער־לאָזן מיט אַלע אומריינע טעלער, און אַליין וועלן זיי גיין שלאָפן, אָדער זיך שפּילן, אָדער פאַרברייגגען.

— באַך! — האָט געזאָגט דאָן, און דאָס האָט גע־קלונגען ווי אַ טיפער האַרץ־זיפץ... „בהאַך!"

ער האָט געוואָלט ריידן נאָך ווייטער, אָבער סיי פּיצי, סיי טשאַמקי האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין נייגער צו הערן ריידן עמיצן אַנדערש ווי זיך אַליין. זיי האָבן גענעניצט און זיך געטונקען די שפּיץ פינגער אין די קופּערנע „פינ־גער־בעכערס"...

דאָנ'ען איז געקומען אויפ'ן זין דער יום־טוב פּסח... דער טאַטע זיצט ביים טיש. זינגט די הגדה... עס קומט צו „רצך ערש" — ער טונקט איין דאָס מינדסטע פינגערל אין כוס, און שפּריצט אַוועק די אויסגעטונקענע טראָפּנס... די מאַמע זיצט אויפ'ן היסבּ־בעט, אָנגעטאָן אין ווייסן, אין ברוסט־טיכל, און מיט די פּערל... און מיט די פאַלשע קאַרשן אין שייטל... דער טאַטע איז שלעפעריקלאַך, געניצט אַביסל, קוקט — אויף דער מאַמע'ן. די מאַמע לאָזט אַראָפּ די אויגן און זאָגט נאָך וואָרט־ביי־וואָרט די הגדה... מיט אַ טייטש חומש'דיקן טראָפּ... ער, דאָן, איז אָנגעטאָן אין אַ ניי, שטייף

אנצוגל, מיט א סך קעשענקעלאך. ס׳שמעקט דער פּסח און דער ווייַן, און דאָס לעבן שמעקט, און דאָס גליק איז אויף אַלע גלימצערדיקע כוסות...

„איך וועל אמאָל זיין" — טראַכט דאָן, ווי ער האָט א מ אָ ל געטראַכט... ווען ער איז געווען יונג, און קליינ־שטעטלדיק, און זיין חלום איז געווען ווי א שיף מיט צע־שפּאַנטע גרין־זיידענע זעגלען אינמיטן פון א געבענשט וואַ־סער, וואָס האָט נישט קיין קנייטש אויף זיך...

„באָך!" — האָט דאָן ווידער ארויסגעזיפּצט, ארויס־גענומען פון טאַש א גרעסערע זילבערנע מטבעה און זי אוועקגעלייגט ביי זיין טעלער... דערנאָכדעם, אז ער האָט געזען, אז קיינער מערקט נישט, האָט ער זי צוריקגעשאַרט און אַוועקגעלייגט אַ קלענערע מטבעה — שוין נישט פון זילבער...

# טשאַמקי און פּיצי שפּילן קאָרטן „אין דער פּינצטער“

שפּעטער האָבן אַלע דריי פאַרבראַכט אין שפּילן קאָרטן אין טשאַמקינ׳ס „סטייט־רום“. דאָן איז געווען אביסל פאַר־קילט פון די „געמישטע קלימאַטן“, וואָס אַ לויפנדיקע באַן פאַרמאָגט... ער איז געווען מיד פון פאָרן און פון טראַכטן און נישט דערטראַכטן זיך צו גאָרנישט... טיף אין אים איז עפּעס געווען באַליידיקט און עס האָט געוויינט „מאַמע!“ מיט׳ן מויל אָבער האָט ער דערציילט אַ נישט־זויבערן וויץ, וואָס איז געווען אזוי טרויעריק ווי זיין לעבן.

דער וויץ, איז געווען אַ ניש׳קשה׳דיקער, אָבער דאָנ׳ס טאָן איז געווען אַן אומעטיקער, האָט דער וויץ נישט געהאַט קיין ערפאָלג, און טשאַמקי האָט זיך איבערגעקוקט מיט פּיצי׳ן און געקוועטשט מיט די פּלייצעס—ווי איינער רעדט:

— עפּעס אַ קליינשטעטלדיק אידל!

דער קאָרטנשפּיל איז דערווייל אָנגעגאַנגען אין אַ נוד־נעם טעמפּ... אַלע האָבן געגענעצט און געקוקט אויף די פענצטער, וואָס האָבן גאָרנישט אויסגעזאָגט וועגן דרויסן, אַ חוץ אז ס׳איז קאַלט און נאַס, און אז דאָ איז וואַרעם און באַקוועם. ביי אַ קליינער הפסקה אין שפּיל האָט זיך דאָן צוגעהאַלטן דאָס מויל מיטביידע הענט, אַריינגעגענעצט אין דער זשמעניע אריין — עפּעס אזוי פאָרזיכטיק ווי ער וואָלט געוואָלט נעמען דעם גענעץ און אַוועקטראָגן ערגעץ און אים באַהאַלטן, אין אַ פייער־קאַסע. דערנאָך האָט ער זיך אַ גלעט געטאָן ביים אונטערשטן טייל קאָפּ — זיך שיעור אַ קראַץ געטאָן, ווי אַ קליינשטעטלדיקער, זיך פאַרכאַפּט, ווי־דער געגעניצט — שוין גלאַט אזוי. אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, אָנגעהויבן אָטעמען שווער... דערנאָך פייפן, דערנאָך כראָפּן.

טשאַמקי האָט עפּעס א זאָג געטאָן פּיצי'ן זייער שטיל אויפ'ן אויער. פּיצי האָט געשמייכלט און צוגעשטימט. באַלד איז געוואָרן פינצטער. עס האָט זיך בלויז געהערט דער רעדער־גערויש פון דער באַן און דאָס שווערער אָטעמען און כראָפּן, וואָס איז אַלע ווייל איבערגעשלאָגן געוואָרן פון א טיפן „אָי"...

א קליין געלעכטערל פון טשאַמקי'ן און פּיצי'ן. אין דער שטאָק פינצטערניש האָבן זיך פּלוצים דערהערט הויכ־ליכע שטימען:

— 250.

— 260.

— 300.

— וואַרט, וועל איך אריינקוקן.

— פאַרקויפט!

דאָן האָט זיך אויפגעכאַפּט פון די הויכע אויסרופן פון די קאָרטנשפּילער, זיך געריבן די אויגן און נישט געוואוסט וואו ער געפינט זיך.

באַלד האָט ער ווידער דערהערט שטימען:

— מאַך דו עס!

— וואָס איז טרומף?

— הערצן איז טרומף.

— וויפיל האָסטו געמאָלדן?

— 300.

— 300?

דאָן האָט דערקענט די שטימען, זיך דערמאָנט וואו ער געפינט זיך און געפרעגט צעשראָקן:

— איר שפּילט גאָר אין דער פינצטער?

— פאַרוואָס אין דער פינצטער? סע חלומ'ט זיך דיר מסתמא... האָסט שוין אמאָל געזען מ'זאָל שפּילן קאָרטן אין דער פינצטער?

פּיצי און טשאַמקי האָבן זיך קוים איינגעהאַלטן פון לאַכן. דאָן האָט זיך געריבן די אויגן מיטביידע פויסטן —

אָבער ס'איז אים דאַפון, פאַרשטייט זיך, נישט ליכטיקער געוואָרן. זיין האַרץ האָט זיך אָפגעשטעלט פון שרעק — אין מח איז אים קיל געוואָרן. א קאַלטער שוויים איז אים אַרוים אויפ'ן שטערן און ער האָט גענומען שרייען מיט ווילדע קולות: „מאַ־מע, איך בין בלינד!"

מען האָט אים קוים דערמינטערט.

„פיצי" האָט דעם אינצידענט פאַרשריבן אין איר ביכל — געלאָזט דעם העלד בלינד ווערן טאַקע אויף אייביק, און בייזוויליק הנאה געהאַט דערפון, ווי א שלעכט קינד האָט הנאה פון אויסלעשן א ברענענדיק ליכט.



# איך ווער בר-מצוה

ס'איז געקומען דער טאָג פון מיין בר־מצוה.

דער רבי האָט געוואָלט איך זאָל זאָגן כאָטש ז י י ן דרשה — אויב נישט דעם טאַטענ'ס. און דער פעטער איציק האָט געזאָגט: „אויב א נארישקייט איז אן אייגענער טאָטע בילכער".

ער האָט מיך עטלאָכע טעג פאַר מיין בר־מצוה יום־טוב געפירט שפּאַצירן הינטער'ן שטאָט, לעבן צווינטער, מיר גע־וויזן אויף די קברים מיט די צלמים און געזאָגט:

— דו זעסט, זיי זענען טויט נישט ערגער ווי אידן...

דער פעטער האָט זיך פאַרטראַכט צו א וואָלקן ארויף און געערדט ווי צו זיך:

— טויט זענען אלע גלייך. נאָר אין לעבן קאָן מען זיך אָפּשיידן פון אַנדערע, זיין העכער אָדער נידריקער. דו דאַרפסט זיין א העכערער, ווייל איך בין דיין פעטער.

דער פעטער איציק האָט זיך א טאַפּ געטאָן דעם הוט און אים כמעט אַראָפּגענומען פאַר א מצבה מיט א צלם, וואו עס איז געווען אָנגעשריבן דער נאָמען פון א פרוי. זיינע ליפּן האָבן געציטערט, ווי ער וואָלט עפּעס געזאָגט. זיין רויט־לאָכער קאָפּ האָר און זיין באָרד זענען באַלויכטן און באַלעבט געוואָרן פון א ליכטיקן ווינט. און זיינע אויגן זענען שיעור־שיעור געווען נאַס.

איך האָב געזאָגט:

— פעטער, לאָמיר גיין צוריק! וואָס האָבן מיר דאָ צו טאָן?

— דאָ? — האָט זיך דער פעטער כמעט דערשראָקן פון מיינע רייד, צוגעגאַנגען נאָענט צו דער מצבה מיט'ן צלם, אָנגעטאַפּט מיט גרויס ליבשאַפט די אותיות פון דעם

פרויען־נאָמען, זיי געגלעט ווי מ׳גלעט א געליבט פּנים, אָדער א האַנט, און געזאָגט:

— יאָ, לעבעדיקע מוזן גיין צוריק!

ער האָט זיך שטיל אויסגעקנאַקט די פינגער, טיף אָפּ־געזיפצט און געזאָגט:

דו זעסט, דאָ ליג א י ך!

— וואָס מיינט איר, פעטער?

—גאָרנישט — האָט געענטפערט דער פעטער — נישט יעדן איז באַשערט צו שטאַרבן אַליין... א טייל מענטשן שטאַרבן דורך אַנדערע.

דער פעטער האָט ארויפגעלייגט א האַנט אויפ׳ן שטיין, דערנאָך האָט ער ארויפגעלייגט דעם קאָפּ אויף דער האַנט און איז אזוי געבליבן שטיין עטלאַכע מינוט.

אז מיר זענען געגאַנגען צוריק אַהיים, אויפ׳ן ווינטיקן וועג, האָבן מיר געשוויגן.

דער פעטער איציק איז געווען ווי איינער פון א סקאַנ־דינאַווישער לעגענדע ארוים. עס האָט אים בלויז געפעלט די שווערד, און דער פאַנצער..

פּלוצים:

— ווען איז דיין בר־מצוה?

— איבער־צוויי־מאָרגן.

— האָסט שוין תפילין?

— כ׳האָב...

— מיט א גרויסן „שדי“? הא? — האָט דער פעטער ביטול׳דיק א זאָג געטאָן. — אונזער „שדי“ האָט זיך ליב גרויס צו מאַכן!... און שאַר ניט מיט די פיס, האָב איך דיר געזאָגט, אז דו גייסט... הויב זיי אויף! פיס זענען גע־מאַכט געוואָרן אויף אויפצוהויבן זיי... האָב נישט קיין אידישע טבע צו שאַרן מיט די פיס...

---

מ׳האָט מיר אָנגעטאָן כמעט אַלע זייגערלאַך, וואָס די גאַנצע משפחה אונזערע האָט פאַרמאָגט מיך אַרומגע־קייטלט מיט זילבערנע און גאָלדענע קייטעלאַך, מיר אויס־געניייט א גרין סאַמעטן תפילין־זעקל, מיט מיין נאָמען פון דרויסן, און איך בין אַוועק אין קלויז אריין — שטאָלץ אויף מיין צייטיקייט. דערשלאָגן פון דער נייער לאַסט, איבער־געשראָקן פון די אַלע זייגערלאַך, וואָס האָבן געפּלוידערט צו מיר פון אַלע קעשענעס אַרויס, זיך געפילט זייער רייך פון דעם גאָלדוואַרג און זילבערוואַרג, וואָס איז געווען אויף מיר, און קליין קעגן דעם „שדי“, וואָס האָט צו מיר געוואונקן פון דער שין אַרויס אויף מיין של־ראש, און וואָס איך האָב פון היינט אָן און ווייטער באַדאַרפט טראָגן אויף מיין קאָפּ „צו א זעאונג צווישן מיינע אויגן“ — עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז גאָט אַליין וועט דאָרטן זיין, אינווייניק אין די בתים פון של־ראש, און מיר אַריינקוקן גלייך אין מאַרך אריין, און פּרואוון אַלע מיינע טראַכטונגען... און היטן מיין יעדן געדאַנק — אפילו דעם געדאַנק, וואָס איך טראַכט איצט אויך.

---

## מיין פעטער האָלט אַ דרשה און דערנאָך שכור'ט ער זיך אָן.

אין קלייזל איז געווען א שטיקל טומל — חברים האָבן זיך געגרויסט מיט מיר, ווי מיט א גאָלדענעם שילד, געטאַפּט מיינע זייגערלאַך, מיר געפרעגט אַלע מינוט וויפיל ד ע ר זייגער האַלט און וויפיל י ע נ ע ר זייגער האַלט...

איך האָב יעדן גרוים־האַרציק געענטפערט און גע־שמייכלט און געפּעכלט מיט די גלאַנציקע קופּערטעס פון די זייגערס... צום סוף איז געקומען עפּעס א דריבנע אינגע־לע, מיט א פויל נעזל, געקוקט פאַר'חדוש'ט אויף מיין אויס־ציר, געבעטן מיך איך זאָל אים זאָגן וויפיל סע האַלט יעדער זייגער באַזונדער. איך האָב אים געזאָגט.

ער האָט א ווײַלע געטראַכט. אַרײַנגעשפּאַרט א קליין־פינגערל צווישן די פאָדערשטע, שיטערע ציין און געפרעגט:

— נו, און וויפיל האַלטן אַלע זייגערס אינאיינעם?

— חכמ'ל, חכמ'ל, וויש דיר אָפּ ס'נעזעלע! — האָט דער פעטער איציק געענטפערט פאַר מיר.

דער פעטער האָט מיר מיט גרוים צערטלאַכקייט אָנגעטאָן די תפילין. געמאַכט א ברכה דערנאָך זיך אַליין אָנגעטאָן טלית און תפילין און אַז ס'איז געקומען, אַז איך האָב באַדאַרפט האַלטן די דרשה, האָט ער אוועקגעשאַרט מיין רבי'ן אויף א זייט, געגעבן א קלאַפּ אין טיש און געזאָגט:

— א י ך וועל פאַר אים זאָגן...

אין קלייזל איז געוואָרן א שטיקל טומל. דערנאָך איז געוואָרן שטיל, ווי עמיצער וואָלט אוועקגע'גנב'עט די לופט. אידן האָבן זיך איבערגעקוקט איינער מיט'ן אַנדערן — פאַר־גאַפט. פונדעסטוועגן האָט זיך די קלויז צעשניטן אין מיטן,

ווי מיט א מעסער און דורכגעלאָזט דעם פעטער איציק צו דער בימה צו.

מיט׳ן טלית איבער׳ן קאָפּ האָט דער פעטער איציק אויסגעזען ווי א היילִיקער. זיין געפּייניקט, איידל פּנים איז באַהויכט געוואָרן מיט ריינער פרומקייט, מיט א דורכזיכטיקער גלויביקייט. אין זיינע אויגן איז געווען ס׳פייער פונ׳ם נר־תמיד.

דער פעטער האָט אָנגעהויבן צו רעדן זייער שטיל, מיט פּסוקים אויף לאַטיין און אויף לשון־קודש און אויף דייטש, איז איבערגעגאַנגען צו ציון, צו דר. הערצל, צום אידענשטאַט. דערנאָך האָט ער געמאָלן א זעהונג פון א אידישער מלוכה, וואו יושר פאַרט אין פלאַמענדיקן רייטוואָגן, און די שווערד אַקערט די ערד, און דער קעניג האַלט א צעפּטער אין האַנט, אָבער זיין צעפּטער איז נישט פון גאָלד און נישט פון בריליאַנטן, נאָר פון חכמה און לייטזעליקייט...

דעם פעטער׳ס צונג איז געוואָרן ווי די צונג פון א גלאָק. ער האָט געדונערט װעגן פאַלשע טעמפּלען און „וואָס דאַרף איך אייערע פאַלשע קרבנות — זאָגט גאָט", — נישט אייערע קליידער רייניקט, נאָר אייערע נשמות...

אז א אידיש אינגל גייט ארום אין בונד פון אידישקייט — צו וואָס איז דאָס געגליכן ? — צו א מענטש וואָס ליגט א פאַרבלוטיגטער הינטער א וואָגן מיט בלומען. די וואָס גייען פאַרביי זאָגן : זע, צווישן וואָסערע שיינע בלומען דער מענטש ליגט.... אָבער דער קלוגערער זאָגט : זעט, ווי א מענטש האָט זיך נעבאַך אַראָפּגעשלאָגן פון וועג, אפילו די בלומען זענען רויט מיט דעם בלוט פון זיין אָפענער וואונד...

תורה איז דער גרויסער אָדלער, וואָס פירט אונז אין הימל אריין, אָבער מעשים־טובים זענען די פליגל.

קיין ציון, אידן ! געגוג געווען בעטלער צווישן קנעכט. מיר זענען בני־מלכים, און אין אונזער היים רינט מילך און האָניק...

יעדער איד טראָגט דעם עמוד־האש אין זיינע אויגן — גייט נאָך אייערע אויגן, גייט נאָך דעם בייגקן פון אייער הארץ און איר'ט אָנקומען צו גאָט'ס שטאָט...

זאָל מיר מיין רעכטע האנט אָפדאָרן, אויב איך וועל דיך פארגעסן, מיין ציון!

אהין, אין לאנד פון ווייגטרויבן און פון טייטלען, אין לאנד וואו אונזער אָרגל שפּילט, וואו אונזער מאָרגן־שטערן גלאנצט...

פון אלע גלות־קליידער מאכן מיר א הדלקה! אלע געבויגענע פלייצעס שפּאָרן מיר אונטער מיט האָפנונג, אלע געלעמטע געמיטער שפּאָרן מיר אונטער מיט טרייסט... נישט נאָר צו דער מוטער רחל'ס קבר, און נישט נאָר צו דער כותל־המערבי, און נישט נאָר צו דער מערת־המכפלה, נאָר צום לעבעדיקן בארג לבנון, צו דעם הויכן כרמל, צו די קוואלן פון עין־גדי ציט אונזער הארץ...

אין קלייזל איז געוואָרן א רויש ווי פון א טייך, ווען דאָס אייז ברעכט. קרענצלאַך אויגן האָבן געברענט. מיי־לער האָבן זיך געעפנט.

דער פעטער איציק איז געוואָרן שטילער, מילדער, ווי־ציקער:

ווען די גוים זאָלן האָבן שכל, וואָלטן זיי אונז געגעבן אָן אייגן לאנד — וואָלטן מיר מסתמא דאָרט געהאט צוויי פּארטייען. איין פּארטיי וואָלט געהאנגען אידן דערפאר וואָס זיי גייען נישט דאַווענען. די אנדערע פּארטיי וואָלט געהאנגען אידן דערפאר וואָס זיי גייען יאָ דאַווענען. מיט דער צייט וואָלטן אלע אידן געווען אויסגעהאנגען.

אין קלויז האָט זיך דורכגעקאטשעט א דונערדיק גע־לעכטער.

דער פעטער האָט אויסגעגלייכט זיין הויך געשטאַלט, ארויפגערוקט דעם טלית העכער און געזאָגט, ווי א נביא:

— וועכטער, וואו ביזטו? — דאָס ליכט האָט זיך אָפּ־

געטאָן פון אונז. אונזער קלייד איז פינצטערניש, אונזער וועג איז בלאָנזעניש.

וועכטער, אָ, וועכטער! וואָס וועט זיין פון דער נאכט? פון דעם גלות?

ענטפערט דער וועכטער: עס וועט קומען דער פריי־מאָרגן. די נאַכט אויך. ווייל נאָכ'ן שענסטן לעבן קומט דער טויט... אָבער לעבן דארף זיין ווי א צירונג אויפ'ן טויט, וואָס איז קעניג. נישט ווי אַ שמאַטע אויף א בעט־לער!

דעם פעטער'ס ווערטער זענען געקומען ווי אויף א זון. זיי האָבן דערהויבן און אַוועקגעטראָגן. בעת ער האָט גע־ענדיקט האָבן זיך אַלע אידן געפילט נידריק קעגן זיין הויכ־קייט. זיין וואָרט איז געווען א פאַקל אין די הענט פון א בלינדן. קיינער האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן דערמיט... אָבער אַלע האָבן געפילט, אז ס'איז ליכטיקער און בעסער געוואָרן...

אָבער איידער דער פעטער איז פארטיק געוואָרן מיט זיין גרויסער דרשה האָט עמיצער פון עולם זיך אָנגעבויגן מ'זאָל זיין קאָפּ נישט זען און א געשריי געטאָן מיט א פאַלש קול:

— מאַריאַשקאַ...

דער פעטער איז געוואָרן בלאַס. פון אונטער דער הויט פון זיין פּנים האָט ארויסגעשפּריצט א קראַנקע ליכטיקייט, וואָס האָט דערשראָקן... זיינע אויגן זענען געווען פול מיט גאָר דעם צער פון דער וועלט און בטול. מיט ליפּן, וואָס רירן זיך קוים, אָן איינם ס'אַנדערע האָט ער געזאָגט:

— פאַרגיב זיי גאָט... זיי ווייסן נישט...

דער פעטער איציק האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אויפ'ן שלחן, דער טלית איבער זיינע אַקסלען האָט געציטערט...

נאָכ'ן דאַווגען האָט מען געטיילט לעקאַך און בראַנפן, דער פעטער אליין האָט געטרונקען א היבש ביסל, ביז ער איז געוואָרן שיכור'לאַך, דעמאָלט האָט ער גענומען זידלען אַלע

אידן און שרייען אויף דייטש: נאָך ציון, איר שוויין־קערלען!" און ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף יודל דעם שמש און אים געוואָלט שיעור דער'הרג'ענען דערפאַר וואָס ער שמעקט טאַבעקע. מ'האָט אים קוים אָפּגעראַטעוועט, דעם שמש. דעם פעטער האָט מען אָפּגעפירט אַהיים, אונטער די אָרעמס, ווי שמחת־תורה...

איך האָב נאָכגעטראָגן דעם פעטער'ס זיידענעם אויבער־מאַנטל און זיין טלית־און־תפילין — און די בושה האָט זיך אָנגעטאָן אויף מיר, און די קרוין האָט זיך אָפּגעטאָן פון מיר... מיין פעטער איז געווען אַ געפאַלענער נביא — און איך האָב אים נאָך מער ליב געהאַט... מיט אַ וויינענדיק און פאַרשעמט האַרץ...

---

# דירעקטאָר מערינאַדי

דער גרויסער (איצט קראַנקער) דירעקטאָר מערינאַדי — איז פון הייוון ארויפגעוואַקסן. דאָס מזל האָט אים א שפּיל געטאָן: איינס, צוויי, דריי: פּיצל, גרויס, ריזיק!

און ווען פּיצל ווערט גרויס איבערנאַכט, איז קיין שיעור נישטאָ וואו דאָס זאָל אויפהערן. די הימלען פאַרשטעלן אים דעם וועג. די ערד דאַרף אים קושן די פּיס דערפאַר, וואָס ער טוט איר אָן דעם כבוד און גייט אויף איר.

מערינאַדי האָט אַמאָל געהייסן חנינטשע. ער איז געווען אָן אָרעם, רירעוודיק אינגל, מיט השגות אַריבערצושפּרינגען און אָפּצונאַרן.

ווען חנינטשע איז נאָך געווען א ברעקל, אזוי־די־גרויס, פלעגט ער שוין אָפּנאַרן דער מאַמע׳ן און פלעגט איר דערציילן, אז ער האָט בויכווייטיק, ווען ער האָט אינגאַנצן קיין ווייטיק נישט געהאַט, אָדער גאָר געהאַט קאָפּווייטיק. חנינטשע האָט געוואָלט אַריבערשפּרינגען מיט אַמאָל, נישט געוואָלט זיך לערנען שפּרינגען, נאָר קומען און א שפּרונג טאָן און אַריבער!

חנינטשע איז געווען א געזונטער יונג, א „לעפּאַק". וואונדן האָט זיך אויף אים פאַרהיילט אויף גיך, ווי אויף א הונט. וואו מ׳האָט אים אַ ריר געטאָן, איז אים געגאַנגען בלוט פון דער נאָז,—געהאַט צופיל בלוט הפנים. פּאַטשט אים אין הינטן, גייט אים בלוט פון דער נאָז. גיט אים א שטאָך אין א פינגער, — גייט אים בלוט פון דער נאָז...

חנינטשע איז נאָז און — בלוט...

דאָס בלוט גייט אָפּ. דאָס בלוט קומט צו. חנינטשע׳ן שאַדט עס נישט. ער ווערט נישט שוואַכער. ער ווערט נישט בלאַסער — ער איז איינער און א גאַנצער. נישט פון

אַנדערע אָפּגעשניטן, נישט צו אַנדערע צובאַהעפט.

פאַראַן מענטשן, וואָס זיינען א סך, זיי בייטן זיך אַלע ווײַלע, ווערן אַנדערע, פרעמדע — האָבן א סך נשמות אין זיך. זיינען צעבונדענע אָרגאַניזאַציעס, קאָמפּליצירטע, אומרואיקע, נישט־מיט־זיך־אַליין־וואוינענדיקע שטיקלאַך פייער פון פאַלנדיקע שטערן. פאַר יענע איז שווער צו דער־גיין צו עפּעס, ווייל זיי קאָנען זיך קיינמאָל נישט צונויפ־רעדן מיט זייער איך־אָרגאַניזאַציע, און באַשטימען אַקוראַט וואָס זיי ווילן..

די אַנדערע זענען איינציקע, גאַנצע, גלייכע — זיי שלעפּן קיינעם מיט זיך נישט, א חוץ דאָס ביסל איכיזם, וואָס איז אָנגעבלאָזן און גרינג און ליידיק.

חנינטשי איז אויפגעצויגן געוואָרן אויף דער ניו יאָר־קער איסט־סייד. זיין טאַטע האָט געהאַט א קעלער פון זויער־וואַרג און די מאַמע האָט געהאַט א פּרנסה־נאָז, וואָס האָט דערשמעקט א טראָפּן פּרנסה אויף מיילן ווייט...

חנינטשי האָט אין דרויסן געהייסן דזשימי. דזשימי איז געווען א קינד פון דער „אָרעמער איסט־סייד“, אָבער זיין וועג האָט געפירט — צו בראָדוויי־צו. „גיי אַביסל אויף בראָדוויי“, פלעגט אים דער טאַטע טרייבן ווען ער (דזשימי) האָט געהאַט ליידיקע צייט, קוק זיך ארום דאָרטן... לערן זיך אויס זיין א בראָדווייאָרשטשיק !...

דער טאַטע, דער זויערוואַרג־הענדלער, האָט זיך אַליין געמאַכט דאָס וואָרט בראָדווייאָרשטשיק, און האָט גאָר אָנ־געקוואָלן פון דעם וואָרט... מיין זון וועט זיין א בראָדוויי־אָרשטשיק — נישט קיין קלינטאָנשטשיק... פלעגט ער זאָגן צו די קונים, בעת זיי האָבן פאַרזוכט די זויערע אוגערקע־לאַך פון די הילצערנע לעפלען ארויס — „מיין דזשימי־דזשיק וועט זיין א בראָדווייאָרניק — הלוואי פון מיין מויל, אין — דריי גרייצער א זויער אוגערקעלע, ווייבער, זיס ווי צוקער !

חנינטשע׳ס טאַטע האָט נישט געהאַט קיין סך לאָגיק. אָבער א היבש ביסל גרינגן וויץ און חוזק... ער איז געווען א פריילאַכער און א רירעוודיקער. בלויז די הענט זיינען ביי אים געווען זויער — פון ליגן אין ראָסל און אין „קריפּ", אָבער דאָס האַרץ איז געבליבן פריש און זיס און קליינ־שטעלטדיק — ווי דאַרטן ביי זיך אין שטעטל, וואו ער איז געווען א היטער פון א סאָד...

— ווייבער, אהערצו, ווייבער, צערייסט מיך! דריי גרייצער א פּיקילע! זויערע פּיקא־לאַך, זיס ווי צוקער... ווייבער, צערייסט מיך!

חנינטשע׳ס טאַטע האָט הפנים געהאַט אין זיך א פונק פון א קאָמעדיאַנט, א פריילאַכמאַכער, א פורים־שפּי־לער. פלעגט ער דערפאַר טאָקע לייזן מער ווי זיינע קאָנ־קורענטן. ווייבער פלעגן זיך שטופּן צו זיין קעלערל, צו די צעבערלאַך מיט זויערע אוגערקעס, מיט געזייערטע עפּל, מיט פּאָמידאָרן...

ווייבער, טו־מאַיטקעס! — פלעגט ער זיך ווערטלען אויפ׳ן חשבון פון זיינע זויער־פאַרכלינעטע טאָמייטאָס, ווייבער, פיקעלאַך, גליקעלאַך, שטיקעלאַך... אהערצו, ווייבער, שלעכט און טייער!... לעבע־דיק!! און גנב׳עט נישט... העי, דאַרטן, ווייבערלאַך, טאַפּט נישט צופיל... ס׳איז נישט... און צו די מאַנצביל־קונים פלעגט ער שרייען: — העי, קלינטאָנשטשיקעס פון קלינטאָן סטריט ברענען זאָלט איר ווי ראָקעפעלער׳ס אויל... קריכט נישט אין ראָסל אריין — מיט די הענט. — אַז מיין דזשימ׳דזשיק וועט אי״ה אויפ־וואַקסן, וועט ער זיין מער לייט פון אייך, אי״ה. ער וועט נישט דאַרפן דרייען די קאָטערינקע אי״ה... ער וועט זיין א בראָדוויי־אַרשטשיק — וועט ער זיין... וואָדען, ניין? הלוואי! העי, א גראַיצער א שטיקעלע פּיקעלע! ווייבער, אהערצוצוצו־צוציטשקו!... נו, לעבעדיק!... גליקעלע, פּיקע־לע, שטיקעלע!!

דזשימי איז געוואַקסן ווי א שוועמל — אין דער פינצ־

טערניש, אין דער פייכטקייט. וואָס זון? ווער זון? — ס׳קעלערל איז געשמאַק, דער ריח פון זויערע פירות איז גוט צו די נאָזלעכער. דאָס מיסט פון די גאַסן, די ענגשאַפט, דער טומל — אַלצדינג איז גוט און וואויל, וואָס בעסער קאָן נישט זיין.

נאָר דער טאַטע טרייבט אויף בראָדוויי, נאָרט מען ביי אים אויס פענים און ניקעלס, כלומר׳שט פאַר פאַר־געלט, און מ׳גייט אַוועק און מ׳קויפט זיך אַ ביליקע נאַשעריי, און מ׳קומט אהיים און מען רעדט פון בראָדוויי, און — מ׳האָט הנאה פון אָפּנאַרן דעם טאַטן...

אַז דזשימי ווערט עלטער, שליסט ער זיך אָן אין אַ „גענג" — אַ באַנדע, וואָס רופט זיך די „זיבןשפּיצן". — דזשימי איז אַ שטאַרקער און אַ פלינקער. אַ חוץ דעם קאָן ער רירן מיט די לעפּילאַך פון די אויערן, ווען ער וויל נאָר, און זייער ווייניק, אפילו פון די גרעסטענע אידישע קינדער אויף „קלינטאָן סטריט" קאָנען דאָס.

דזשימי ווערט אַ פירער, אָבער פירן וויל ער נישט... ערשטנס, האָט ער פיינט געפּאַר. צווייטנס, וויל ער אָפּ־נאַרן, אַריבערשפּרינגען. נעמט ער געלט ביי זיין „גענג" און שטעלט אָן אַנדערע, וואָס שטעלן איין די קעפּ מיט די פּלייצעס, פאַר אַ קליינעם טייל פון דעם געלט וואָס ער קריגט, און דזשימי אַליין זיצט און טראַכט און ברעכט זיך דעם קאָפּ, ווי אַזוי נישט צו לערנען זיך שפּרינגען און פונדעסטוועגן אַריבערשפּרינגען...

דערווייל איז זומער. דזשימי איז איצט אין גאַס. ער פירט אַ פערד פון אַ שטאַל אין קלינטאָן סטריט... טראָגט אים נאָך דעם עק און קלאַפּט אין אַ בלעך, און טרובעט אויף די ליפּן, און ווינקט צום פּאָליסמאַן און באַגריסט די פּיערלייט ווען ער גייט פאַרביי זייער סטאַנציע, און קערט איבער אַ פעסל מיט בוריקעס אין גאַנג און — שטעלט אונטער אַ פוס אַ אידן, וואָס לויפט כאַפּן די „קאַר", און אַז אַ באַקאַנטער גייט פאַרביי און פרעגט: „דזשימי וואָס

טוסטו?" ענטפערט ער: „איך? איך טו? וואָס טו איך דען?" און אז דער באַקאַנטער דרייט זיך אוועק אביסל — ווארפט ער אים נאָך א שטיין, אָדער א ביסל מיסט... און לאַכט און — לאָזט נישט אָפּ דעם פערד'ס עק!

(ווען מענס דאָס פערד איז — ווייסט קיינער נישט... סיידן ער — ווי הייסט ער?... אָבער ס'געזעץ ערלויבט נישט צו דערמאָנען קיין נעמען!)

דזשימי וואַקסט זייער פּראָסט. אָבער די פּראָסטקייט איז פון א באַזונדער קוואַליטעט. עס איז ווי די כינעזישע ציבעלע, וואָס האָט אין זיך א בלום! קיין ערד — דאַרף זי נישט, קיין פעסטן שטאָם דאַרף זי נישט — נאָר אביסל וואַסער אין א שיסעלע, און וואַסער ס'איז ביסל קלימאַט!

היינט קאָן זיך דער גרויסער, איידעלער, קראַנקלאַכער טעאַטער־דירעקטאָר מערינאַדי קוים דערמאָנען, ווי אזוי דאָס איז געוואָרן. אפשר האָט ער זיך אויסגעלערנט שפּילן טעאַטער דורכדעם, וואָס ער האָט געהאַט א נאַטירלאַכע נייגונג צו זאָגן ליגן, זיך פאַרשטעלן, אָנטאָן זיך אַלע מאָל אַן אנדער פּנים?

היינט איז מערינאַדי — מערינאַדי. ביי אים אין גאָר־דעראָב היינגען קרענץ און עס שטייען בלומען, און עס זע־נען איינגעראַמט ווינשעוואַניעס אויף פּאַרמעט און באַגריי־סונגען אויף לענטעס... אויף מערינאַדי'ן אליין רוט די שכינה. ער איז א דיגניפיצירטער, שיינער מאַן, מיט שטילע מאַ־ניער, מיט א סך באַהאַלטענע שמייכלען אין זיך — מיט א טיפער איבערצייגונג, אז קיין העכערס פון אים איז ניטאָ, און קיין קליגערס אודאי נישט...

מערינאַדי האָט אָנגעהויבן ווי א קליין אַקטיאָרל, מיט א גוי'שער וואָדעוויל־טרופּע. ער האָט געשפּילט א אידן, און אָפּגענאַרט אי דעם עולם, וואָס האָט געמיינט, אז ער איז א גוי, וואָס שפּילט א איד (ער האָט זיך גערופן אויפ'ן אפיש: „מק'פאַדען") און דעם אידישן דירעקטאָר פון יענער טרופּע האָט ער אָפּגענאַרט דערמיט, וואָס ער האָט אים פאַרטרויט

בסוד, אז ער איז א איד, אָבער מיט אזא טאָן, אז יענער זאָל מיינען, אז ער איז א גוי, וואָס וויל זיך איינ׳יחס׳ענען צו אים מיט זיין אידישקייט...

מערינאָדי האָט נישט געהאַט קיין דרך־ארץ פאר דער בינע, פאר דעם עולם — פאַר קיינעם נישט. איז אים אָנ־געקומען זייער גרינג צו „מאַכן קאָמעדיע“. ער האָט נישט באדאַרפט שפילן — ער איז שטענדיק געווען נ א ט י ר ־ ל א ך ־ פ א ל ש... אין לעבן ווי אויף דער בינע איז ער תמיד געווען נישט ער — נאָר עמיצער אַנדערש!

די קריטיק האָט אין מערינאָדי׳ן דערטאַפּט אַן אוצר. א געבוירענער שוישפּילער! אַן אמת׳ער ליגנער... אַן אָפּ־נארער, וואָס נ א ר ט נ י ש ט אָ פּ, א ז ע ר נ א ר ט אָ פּ...

און די קריטיקער זענען חנינטשע׳ן נאָכגעגאַנגען פון הינטן און געפּויקט און געבלאָזן, און — כמעט נאָכגעטראָגן אים די שלעפּ, ווי מערינאָדי אַליין האָט אַמאָל נאָכגעטראָגן דעם עק פון זיין „קלינטאָן סטריטער פערד“...

שפּעטער האָט מערינאָדי זיך אַליין גענומען אין די הענט אריין און געזאָגט צו זיך:

— הער נאָר דו... דו מוזט ווערן א גרויסער מענטש — א פאָרנעמער מענטש... א וועלט־בארימטער מענטש...

דאָס האָט זיך מערינאָדי אַליין אזוי אָפּגענאַרט, אָבער ער האָט געהאַט דעם כח אָפּצונאַרן אפילו זיך אַליין. ער איז געווען א שוישפּילער — אפילו מיט זיך אַליין... אפילו זיין אייגענער נשמה האָט ער דעם אמת נישט פארטרויט, אז „דאָס גאַנצע טעאַטער איז א שווינדל, אַן אָפּנאַרעריי, וואָס ווערט גרינגער דורכדעם, וואָס מ׳שרעקט איבער די מענטשן נאָך איידער זיי קומען זיך לאָזן אָפּנארן“...

מערינאָדי ווייסט פון א געשיכטע, ווי אזוי א בארימ־טער טעאַטער־קריטיקער, וואָס האָט געשריבן עטלאַכע אר־טיקלען מיט לויבגעזאַנגען צו א געוויסן שוישפּילער מיט׳ן נאָמען מארזאַני, (ער האָט געשפּילט אין איטאַליעניש, און

דער קריטיקירער האָט אַ וואָרט נישט פאַרשטאַנען). ווי אַזוי דער זעלבער קריטיקער האָט נישט געוואוסט, אַז מאַרזאַני איז אַ טויבער און מוז זיך נאָענט צובויגן צום סופליאָר, און האָט דעריבער אַלץ געלויבט מאַרזאַני׳ס נייע מעטאָדע פון שפּילן מיט אַן אָנגעבויגענעם קאָפּ, גלייך ווי ער וואָלט גערעדט נישט צום פּובליקום, נאָר צו דער ערד...

מערינאַדי איז וועלט־קלוג, טעאַטער־קלוג. ער ווייסט, אַז שווער איז נאָר צו בעטן דאָס וואָס עס קומט אָבער צו פאָדערן דאָס וואָס עס קומט נישט איז גרינג.

אויך ווייסט מערינאַדי, אַז קונסט איז גאָר עפּעס אַנ־דערש ווי דאָס־אָ. קונסט איז נישט אוועקשאַפן זיך אַליין. נאָר זיך אַליין זיך צו באַשאַפן. קונסט איז פּ ע ר ז ע נ ־ ל אַ כ ק י י ט — און ווי קאָן אַ שוישפּילער זיין אַ קינסט־לער ווען זיין גאַנצע חכמה באַשטייט אין נישט זיין קיינער־נישט ?... קונסט הייסט זיך אַליין דעם בויך אויפשניידן — שוישפּיל הייסט: ווייזן אַ שיינעם בויך. וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט קונסט ?

מערינאַדי האָט פלינק צעעפנט די טירלאַך פון דעם גע־שמינקטן „קדשי קדשים", שטילערהייט אַריינגעשפּיגן, און זיך געגעבן אַ שבועה, אַז — קיינער וועט נישט וויסן דאַפון — אַפילו ער אַליין אויך נישט...

דעריבער איז מערינאַדי דיגניפיצירט און חסידיש־איידל און רעדט שטילערהייט ווי מיט אַ זיפץ. און די ברייטע נאָזלעכער זיינע זענען ווי שפּיאָנען, וואָס הערן זיך אונטער. אין דער היים ביינאַכט, רעכנט מען איבער די באַנקביכלאַך. מ׳גייט אַריין אין באָד־צימער און מ׳קוקט איבער די שפּיצלאַך פון די גומענע, רויטע זאַכן, וואָס הענ־גען דאָרטן. מען שפּילט זיך אַביסל מיט׳ן נעוראַסטעניש

מיידל — וואָס גיט זיך אים לשם רעליגיע, לשם גלויבן אין
זיין קונסט, מ'רעדט צו איר גראָבע רייד, מ'פאַרשוועכט זי
— און מ' הייסט איר קומען מאָרגן איבערשרייבן א ראָלע
אויף א שרייב־מאשין אָן געצאָלטס, פארשטייט זיך, ווייל
אונזער גרויסער קינסטלער האָט פיינט פראָסטיטוציע...

# דער פּעטער קומט צוריק

דער פּעטער איציק איז אַוועקגעפֿאָרן ערגעץ און האָט זיך געזאַמט אפֿשר אַ יאָר.

אַז ער איז אַהיים געקומען האָט ער געבראַכט אַ ניי רעקל פֿון גוטן, ברוינעם לעדער. מיט שיב־שלעסלאַך און רימענדלאַך, אַ נייעם הוט מיט זייער ברייטע קריסעס און מיט אַ שמאָל בענדל. אַ נייעם שטעקן מיט אַ הענטל, וואָס מ׳קאָן עס אַראָפּנעמען און עס נוצן פֿאַר אַ ציגאַרן־שפּיץ און — אַ ניי ווייב.

די דאַמע, אַ טונקל־בלאַסע, ווי פֿון עלפֿאַנטביין, איז געווען אָנגעטאָן שטייף און דין, האָט געטראָגן אַ שטייפֿן רייטער־הוט, אַ קריסקע פֿון שיינע שפּיצן ביים האַלז, אויבן. זייער הויכע, אויפֿגעפּוישטע אָרעמס אונטער זייער שמאָלע אַרבל, וואָס האָבן קוים ארויסגעלאָזט אַ מיידלש הענטל, מיט פֿיינע פֿינגער און געפּוצטע נעגל... און אַ זון־שירעם.

פֿאַרפֿאָרן איז ער פֿאַרפֿאָרן מיט אַ פֿיאַקערל, אָפּגעלאָדן די רעקלאַך מיט די אַלע זאַכן, געהאָלפֿן דער דאַמע אַראָפּ־טרעטן ס׳שאָקלדיקע טרעפּל פֿונ׳ם פֿיאַקערל — זי כמעט אויפֿגעהויבן אויף די הענט און איר געקוקט אין די אויגן אריין מיט ליבשאַפֿט וואָס האָט קיין סוף און קיין גרעניץ נישט.

אין דרויסן האָט שוין עטלאַכע טעג געקאַפּעט אַ רעגן. אין שטעטל איז געשטאַנען אַ ווייס בלאָטקעלע, וואָס אַז מ׳האָט עס לאַנג געטראָגן אויף די שיך האָט עס פֿאַרשטיי־נערט די לעדער. (אַ סך באַלעבאַטים זענען כמעט ארומ־געגאַנגען מיט „שטיינערנע" שטיוול).

דאָס דאַמעלע האָט צעעפֿנט דעם לימענע־פֿאַרביקן זון־שירם, געזוכט אַ שטעזשקעלע, נישט געוואוסט וואָס צו טאָן

מיט זיך, גוטמוטיק געשמייכלט צום פעטער. עפּעס געזאָגט אויף הויכן דייטש וועגן דעם רעגן וואָס טוט רעגנען, און ווער ווייסט ווי לאַנג עס וועט נאָך אזוי רעגנען...

דער פעטער האָט צוגעהאַלטן דעם נייעם הוט מיט א האַנט, אויפגעהויבן דעם קאָפּ צום זייער־נישט־קיין־ליטישן הימל און געזאָגט:

— כ'מיין אז ביז מיטוואָך אינדערפרי... וועט זיך אפשר אויסלייטערן. גענומען דעם שטעקן און אים אַריינגע־שטעקט צוערשט אין דער בלאָטע, ווי א שיפס־קאַפּיטאַן, א שטייגער, וואָלט געפּרופט די טיפקייט פונ'ם וואַסער, וואו זיין שיף איז פאַרהאַלטן... א קוק געטאָן אויפ'ן מעטאַלענעם „פּיסל", א זיפץ געטאָן און געזאָגט:

— ס'וועט זיין רעכט!

דער פיאַקערניק האָט געטראָגן די רענצלאַך, און די פּאַפּירענע קעסטלאַך. דאָס דאַמעלע האָט געטראָגן דעם לימענע־פאַרביקן זון־שירם, און אונטערגעהאַלטן א ברעג פון איר לאַנגן קלייד... דער פעטער האָט געטראָגן דעם שטעקן, געמאָסטן די בלאָטע און ארונטערגעשמייכלט צום דאַמעלע הינטער'ן שירם ארונטער...

אין פעטער'ס שטוב איז איצט געווען קאַלט און טונקל. די בלומען־וואַזאָנקעס האָט ער געהאַט אוועקגעגעבן צום דייטשן שכן, ער זאָל אַכטונג געבן אויף זיי. ס'שטייגל פון דעם קאַנאַריקל איז געווען איבערגעדעקט מיט א ציכל און דאָס פייגעלע איז נישט געווען. דער קוימען פונ'ם סאַמאָ־וואַר איז געשטאַנען אויף משקולת גרייט אַראָפּצופאַלן ביים ערשטן קלאַפּ, מיט דער טיר... עס האָט נישט געשמעקט קיין געברענטע קאַווע, עס האָט נישט געשמעקט קיין פאַר־באַטענע השכלה, נאָר אָסיען־רעגן, בלאָטע, פאַרלוירענקייט...

— אַך, ווי נעט! — האָט געזאָגט דאָס דאַמעלע, ווי א הייליקע, און גאָט מעג איר מוחל זיין פאַר דעם ליגן...

— ס'עט שענער ווערן! — האָט געזאָגט דער פעטער...

מ׳עט נאָר אונטערהייצן און אריינגעמען ס׳פייגעלע מיט׳ן קאנינכען און אויפשטעלן דעם סאַמאָוואַר.

— מיר האָבן א קאַנינכען אויך? — האָט דאָס דאַמעלע שוין גערעדט בלשון „מיר“.

— געוויס...

— ווי נעם!

ביידע זענען געבליבן שטיין איינס קעגן ס׳אַנדערע און זיך צעלאַכט...

— נאָך רוים—ירושלים!... — האָט געזאָגט דער פעטער אויף זיין איידעלן לשון...

— דאָ איז נישט אזוי שלעכט! — האָט געזאָגט דאָס דאַמעלע — קיין גע׳פגר׳טע הינט אין די גאַסן זעט מען נישט...

— וואַרט אויס ביז ס׳וועט צוטריקענען!

— ווי נעם. כאַ־כאַ!

(דאָס דאַמעלע האָט געלאַכט מיט נאַסע אויגן).

איך האָב געהאָלפן דעם פעטער מאַכן אביסל אָרדנונג, צונויפגעבונדן דעם האַלב־צעפאַלענעם ריטער־בעזים מיט א שפּיגאַטל, אויסגעקערט די שטוב — נאָכדעם ווי איך האָב צוערשט באַשפּריצט דעם דיל מיט וואַסר פון בלעכענעם שפּריץ־קענדל. (אזוי האָט מיך דער פעטער געלערנט דאַרף מען טאָן, צוליב דעם, אז די באַצילן זאָלן זיך נישט צעטראָגן אין דערלופטן). דער פעטער אַליין האָט דערווייל אָנגעלייגט א פייער פון האָלץ... און אז ס׳איז געוואָרן אביסל וואַרעמער, און די לאַנגווייל האָט גענומען באַהאַלטן דעם קאָפּ הינטער׳ן בעט אַרונטער, האָט זיך דער פעטער דערמאָנט און געזאָגט:

— דאָס איז מיין נעפע... א טייערער בחור... ער לייגט שוין —

דער פעטער האָט הפּנים געוואָלט זאָגן, אז איך לייג שוין תפילין. האָט זיך אָבער אודאי דערמאָנט, אז זי וועט

אפשר נישט פארשטיין וואָס דאָס איז. דעריבער האָט ער פאַרקירעוועט און געענדיקט:

— ער לייגט שוין געלט אין שפּאָר־קאַסע... אַ פּראַק־טישער יונג!

— ווי שעהחן! — האָט געזאָגט דאָס דאַמעלע — און דער „שעהחן" האָט ביי איר געהאַט אַלע זיבן חנ'ען און אַלע טויזנט טעמים פון דער וועלט...

— וועסט מיך רופן טאַנטע, — האָט געזאָגט דאָס דאַ־מעלע, — נישט וואהר?

איך האָב מיך פאַרשעמט און רויט געוואָרן און גענומען בלאָזן אויפ'ן ברענענדיקן האַלץ...

— שפּיל זיך ניט מיט'ן פייער, איכ'ל עס שוין אליין טאָן! — האָט געזאָגט דער פעטער, — און זיי נישט קיין שעמעוודיקער. גיי צו צו דער טאַנטע און גיב איר די האַנט און זאָג איר: סערוואוס...

איך האָב געזאָגט סערוואוס און דערלאַנגט אַ האַנט און געשטאַמלט מיט אַלע אברים...

— טאַג — —

אין דרויסן איז געגאַנגען אַ רעגן און ס'איז געווען הערבסט...

---

# מיין טאַנטע אַנדרעאַ

מיין נייע טאַנטע האָט געהייסן אַנדרעאַ און איז געווען גוט אוים דער נאַטור...

דאָס קליינע שטעטל אונזערס איז אויף איר געלעגן אזוי ענג ווי איר טוניקל... אָבער אַנדרעאַ האָט געשמייכלט ווי סע שמייכלט דער געפאַנגענער, וואָס ס'איז אים באַשערט כאָטש די צען שפאַן אין הויף פון זיין תפיסה.

איצט האָט שוין אין פעטער'ס שטוב ווידער געשמעקט קאַווע. ס'פויגעלע האָט ווידער א זינג געטאָן, דאָס קאַנינכען האָט אויך עפּעס געהאַט עפּעס צו זאָגן. אָבער אינדרויסן איז געווען הערבסט, די וועלט איז געווען צעווייקט און נודנע...

און וויינען האָט מען געקאָנט, ווען מ'האָט געזען ווי די איידעלע אַנדרעאַ זוכט אין אַלע זייטן עפּעס א שטעזשקע, איידער זי באַשליסט אָוועקצושטעלן איר קליין פיסל, מיט דעם טייערן שיכל, און ווי עס גדרויערט איר אפשר א שעה, ביז וואַנעט זי קומט צוריק פונ'ם מארק, וואו זי „קויפט איין", און ווי די פּלייצע פון איר ענג, שוואַרץ יאַקל איז שטענדיק פול מיט קאַלך — פון דעם וואָס זי האַלט זיך שטענדיק לעבן די ווענט, און אונטער די דעכלאַך — וואו די ערד איז נישט אזוי בלאָטיק.

וואָס טוט דאָ אַנדרעאַ?

וואָס טוט דאָ די שיינע, די פרעמדע, די ווייטע?

איז זי דאָס ליכט וואָס דאָס מזל שיקט צו אַלע פאַר־בלאָנדזשעטע?

איז זי דאָס פייער וואָס גיט א צייכן אז א שיף טרינקט זיך?

דער פעטער האָט ליב זיין אַנדרעאַ — אפשר נישט ווינ־ציקער, ווי ער האָט ליב געהאַט יענע דאָרטן, וועמענס נאָמען

אויף דער מצבה ער האָט געגלעט, ווי מ׳גלעט א געליבט פּנים,
אָדער א האַנט...
אַנדרעאַ, אַנדרעאַ...
אויף וועלכן שטיין וועט דיין מזל דיך פאַרשרייבן?
און איז כאָטש באַשערט א געליבטע האַנט זאָל גלעטן
דיין נאָמען אויפ׳ן שטיין?



# פלאָרענס קאָלי

אין „ווילערזש“ זענען פאַראַן קולטן אַלערליי — א צייטפאַרטרייב פאַר א לעבן וואָס ווערט אַזוי מוטנע אין די טוכלע, איבערגעבויטע, אַלטע הייזער. אָן אָנשטעל — צו פאַרשטעלן די אַנדערע אָנשטעלן — די ערגערע, די מיאוס־ערע.

איך קען א מיאוס־געבוירענעם מענטש — א שריפט־שטעלער — וואָס האָט אָן איידעלען זין פאַר שיינקייט און צירליכקייט. פונדעסטוועגן טראָגט ער שטענדיק שרייענדיק־שלעכטע קליידער, האָט מיאוסלאַכע מאַנירן, עסט מיט די הוילע הענט, כאַפּט ביי יענעם פון טעלער, גנב׳עט א גראָשן פון א קינד און דאָס טוט ער אַלץ דערפאַר ווייל ער וויל מיט זיינע מיאוס׳ע טואונגען אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט פון זיין אמת׳ער מיאוסקייט. ס׳איז ווי א קלוג מיאוס מיידל אויף א מאַסקאַראַד, וואָס טוט זיך אומיסנע אָן די מיאוס׳טע מאַסקע, כדי מ׳זאָל מיינען, אַז זי איז א שיינע...

פלאָרענס קאָלי איז א איבערגעלעבטע, אויסגעלעבטע, אַלע פאַרגעניגנס דורכגעגאַנגען. אין די יונגע יאָרן איז זי געווען א גרויסע שיינקייט — פון אַלעמען באַגערט, פון קיינעם־נישט צוריקגעהאַלטן, — אַ מענטש, אָן שום געוויכ־טיקן אינהאַלט, אָן אומ־עטישע, אָן א פאַנטאַזיע, וואָס זאָל קענען מאָלן די שרעק פון ליידיקייט, פון אומגענוצטקייט, אויסגעברענטקייט — האָט פלאָרענס קאָלי זיך געגעבן כמעט צו יעדן, ביי יעדער געלעגנהייט. ס׳איז ביי איר געוואָרן א קאַפּריז צוערשט צו דערגרייכן די צאָל 25, דערנאָך 50, דער־נאָך 75, דערנאָך 100.

נאָך א משוגע׳נער, טשאַדיקער נאַכט — ווי פון א סך צאַנקעדיקע ליכט, וואָס ברענען איינס אויפס׳אַנדערע אין

א הויפן — פלעגט פלאָרענס קאָלי פאַנאַנדערשפּרייטן א דופט פון „לייסאַל“, זיך וואַשן און אָנטאָן די גוטע זיידענע אונטערקליידער, זיך באַגיסן מיט אַן אויסלענדישן, פיינעם פּאַרפום, זיך אַריינקוקן אין די מידע אויגן, ווי זי וואָלט דאָרט געזוכט א סימן פון חרטה, אָדער זינדיקייט, און נישט געפינען. זיך ווייזן א שיינע צונג, שמייכלען צו דער שיי־נער, הויכער פלאָרענס אין שפּיגל אריין און דער נאָך אַרויס־נעמען ס'נאָטיץ־ביכעלע און פאַרשרייבן : 61, 62, 63...

מ'ווייסט דען? אפשר איז פאָרט דאָס גרעסטע גליק דאָס אָפּזאָגן זיך, דאָס קניען פאַר דעם קוואַל און בלויז באַ־נעצן די ליפּן? ראַטן דאָך קלוגע דאָקטוירים, אז מ'זאָל אויפהערן צו עסן א קליין ביסעלע איידער מ'הערט אויף צו זיין אינגאַנצן הונגעריק... — כדי מ'זאָל נישט אויפעסן דעם אַפּעטיט אויך!

ביי א סך מענטשן אָבער איז די פרייד און דאָס גליק — נישט קיין ברויט־מיט־פּוטער, נאָר : וועלשענע נים, אָדער וויינטרויבן. שווער אויפצוהערן צו עסן, ווען דער טעלער מיט פרוכט שטייט לעבן דער האַנט...

פלאָרענס קאָלי זיצט ביי זיך אין סטודיאָ — זיצט, ווי דער שטייגער איז פון די „ווילעדזשער“—אויף א קישעלע אויפ'ן דיל. לעבן איר — אויך אויפ'ן דיל — איז א פּיי־נעלע אין א שטייגל, און א גרויסע ליאַלקע, מיט א פאַר־מאַטערט פּנים, ווי ביי א שטאַרבנדיקן קלאָון. די פּופּע טראָגט לאַנגע הויזן פון ווייך־קאָלירטן אַטלעס, פון וואַנעט עס שטעקן ארויס פיס מיט שיך. זי האָט אויך הענט־מיט־פינגער, וואָס נעמען זיך צעגנויף ווי לעבעדיקע, און מ'קען זיי אַריינפלעכטן איינס אינס'אַנדערע : פאַרצווייפלטע הענט פון א טויטער ליאַלקע, פון אַן אויסגעשטאָפּטן פּיעראָ...

פלאָרענס קאָלי'ס לעצטער געליבטער איז געווען א הינדו. ער האָט געהאַט א שטעלע אלס לערער פון הינדו־סטאַנישע פאָלקלאָר. נאָך אַלע עקזאָטישע און פרעמד־לענ־

דישע ליבעס (מיט טרעמפּס, ציגיינער, כינעזער און אידן) האָט פלאָרענס זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם הינדו, זיך געפּוצט מיט אים, זיך שטילערהייט געגרויסט מיט דעם, וואָס זי וועט איצט קענען פאַרשרייבן אין איר ביכעלע: „94, הינדו".

דער אינדיער איז געווען א שטילער, גוטער, פאַרבענקטער מאַן, און דאָס ווייסע מיידל האָט אים אויסגעזען ווי א הייליקע. פלאָרענס קאָלי האָט געהאַט א גוטן געשמאַק אין קליידן־זיך, האָט אויך געוואוסט, ווי אזוי צו צופּאַסן די פארבן פון אירע קליידער צו די מענטשן וואָס זי האָט ליב געהאַט. איצט האָט זי זיך געקליידט אינדיש. גרינג־פּלאַטערדיק, ווייס און אָן שמינק אויפ׳ן פּנים. נאָר די ליפּן האָט זי געביסן מיט די אייגענע ציין, ביז זי האָט באַקומען דאָס הייסע רויט, וואָס האָט אונטערגעשטראָכן די דינע, פּערלמוטערנע ווייסקייט פון איר פּנים.

דער אינדיער האָט זי שטאַרק ליב געהאַט. זי איז פאַר אים געווען: אינדיען. דורך אירע ברוּנעטע אויגן איז אים געווען לייכטער זיך אַריבערצוטראַכטן ביז אינדיען. אירע גוטע הענט זענען געווען ווי וויעסלעס, וואָס מ׳קען מיט זיי זיך שיפן איבער׳ן גאַנגעס...

פלאָרענס קאָלי האָט זיך געזעטיקט און — פאַרצייכנט. די ציפערן זענען געגאַנגען אַרויפצו, אָבער איר אַפּעטיט איז געגאַנגען אַראָפּצו, געוואָרן קליין, אויסגעצערט...

דער אינדיער איז געווען א דענקער, א פילאָזאָף. האָט ביכער געשריבן — אָבער איצט איז זיין גאַנץ לעבן געווען א בוך צו איר... א בוך וואָס האָט געדינט פאַר א בענקעלע, וואו זי האָט אַרויפגעשטעלט איר קאַפּריזנעם פוס און אים ערלויבט צו פאַרשנירן איר שוך..

דער אינדיער איז אוועק און געשטאָרבן.

פלאָרענס קאָלי האָט זיך געריבן די אויגן צו וויינען, האָט זיי גענעצט מיט שפּייעכץ, זיי זאָלן אויסזען פייכט... האָט צונויפגערופן פריינט און באַקאַנטע און געזאָגט:

— לאָמיר שווייגן א 15 מינוט, צו ערע פון זיין אָנ־געדענק!

אַלע האָבן זיך צעזעצט אויפ׳ן דיל אַרום אַן אָנגעצונדן ליכט אין א בראָנזענעם לייכטער, און מ׳האָט אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און געשוויגן.

דאָס שווייגן איז געווען שווער און פאַלש, און א טייל פון די „אבלים" האָבן געפילט זיך צעבראָכן פון דעם גאַנצן טעאַטער־שפּיל, פון דעם גאַנצן לעבן וואָס איז אַזוי עלנד — אַז מער ווי טעאַטער קען מען נישט שפּילן, סיי אין גוטע מינוטן, סיי, באַהיט גאָט, אין שלעכטע...

אין דערזעלבער נאַכט האָט פלאָרענס קאָלי פאַרשריבן „98 — רומעניִשער איד"...

איצט איז פלאָרענס קאָלי א „קולטיסטין" און א גלוי־ביקע. זי פּראָוועט אַלערליי צערעמאָניעס מיט אָנגעצונ־דענע ליכט און מיט טרויער און מיט פאַסטן. גייט אום באָרוועס, מיט א הויל קליידל אויפ׳ן לייב און א מאַנסבילש העמד, און די האָר זענען ביי איר געשוירן אַזוי קורץ ווי ביי א מאַן...

צו פלאָרענס׳ן קומט מען שווייגן.

ביי איר איז אַן אָפענע טיר. א ברענענדיק ליכט אין פענצטער איז א צייכן, אַז זי איז אינדערהיים און מען מעג אַריינקומען און זיך אַוועקזעצן אויפ׳ן דיל און שווייגן, אָדער צופּן די בלעטלאַך פון בלומען, אָדער ברענען טאַבאַק אין א בראָנזענער ווייַרויך־וואַזע (רויכערן מיט׳ן מויל טאָר מען נישט)...

צו פלאָרענס קאָלי קומען עלטערע, אָדער יונג־אַלט־געוואָרענע מיידלאַך און לערנען זיך — ליבשאַפטקייט. מ׳רעדט מיט די אָפענסטע ווערטער פון באַציאונגען. מען רימט זיך מיט פערווערזע זאַכן. אָבער אין דעם אַלעמען איז דער אָטעם פון טרויער, פון מענטשלאַכן אומגליק, אין איינ־איינעם מיט׳ן ווייַרויך און מיט די ליכט און די צעריסענע

בלומען־בלעטלאַך איז דאָס — ווי דער שכל פון דעם גרויסן אומזין, וואָס פירט דאָס לעבן אונזערס...

צו פלאָרענס קאָלי איז איצט אריינגעקומען דער קריטיקער „ז" און זיך פאַרטרויט אַז ער איז נאָך — אַ יונגפרוי, אַזוי צו זאָגן, אַ נישט־באַרירטער...

פלאָרענס קאָלי האָט אַרויסגענומען די רעכטע ברוסט פון העמד, אַ קוק געטאָן אויף איר, ווי אויף אַ טויב, זי געגלעט, געזאָגט: „פאַרוואָס?" און אים געוויזן ער זאָל זיך זעצן אויפ׳ן דיל.

„ז" האָט זיך געזעצט. געוואָלט אינגלעריש אַרונטערכאַפּן די פיס הינטער זיך — ווי אַן אָריענטאַל, אָבער ער האָט עס געטאָן זייער לעפּיש און זיך צעשפּרייט, גאָרנישט איידל, און שיעור אומגעפאַלן.

פלאָרענס האָט נישט געשמייכלט, נאָר זי האָט געזאָגט:

„צו וואָס? מאַך זיך באַקוועם. לייג דיין קאָפּ אַהער!"

זי האָט געטוליעט זיין האַרט־געקרייזלטן קאָפּ צו איר ברוסט און גאָרנישט געפילט, אַ חוץ די נייגיר וועגן דעם וואָס ער וועט דערציילן.

— נאָך קיינמאָל נישט געליבט?

— יאָ, אָבער נישט אַזוי ווייט.

ביידע האָבן געשוויגן. דאָס פייגעלע האָט געמאַכט: עפּהי, עמלי, טירמאַ.

— איך מיין, — האָט זיך צו אים אָנגערופן פלאָרענס קאָלי און צוגענומען די ברוסט, ווייל די האָר זיינע האָבן געשטאָכן און פון זיין מויל איז געגאַנגען אַ נישט־לויטערער אָטעם — איך מיין, עס זענען פאַראַן געוויס פרויען וואָס דורשטן נאָך פאַרקער, און איר טאָרט נישט צוריקהאַלטן דעם קוואַל...

דאָ איז „ז" געוואָרן סענטימענטאַל ווי אַ קליין אינגל און גענומען דערציילן, אַז ער האָט יאָ ליב אַ מיידל, אָבער עמיצער אַנדערש האָט זי פאַרפירט קעגן איר ווילן... מ׳האָט זי פשוט פאַרגוואַלטיקט.

פלאָרענס קאָלי האָט ארויסגעשאָסן מיט א ווילדן לאַך, האָט זיך אַליין דערשראָקן פאר איר געלעכטער און געוואָרן ערנסט און איינגעבויגן.

זי האָט ארונטערגערוקט די פּיס טיפער הינטער זיך אראָפּגעצויגן ס׳קליידל אויף די שפּיציקע קניעס. זיך א ביס געטאָן די ליפּן און געזאָגט, ווי אין א געבעט:

— נישטאָ אזא זאַך ווי צווינגען א פרוי... אָבער אפילו אז זי האָט עס געטאָן מיט איר אייגענעם ווילן איז אויך גאָר־נישט. איר דאַרפט זי נאָך הויך ליב האָבן...

„ז“ איז אָבער באַשטאַנען אויף זיינעם, אז זיין פריינ־דין איז געשענדט געוואָרן קעגן איר ווילן...

און ער האָט ארויסגענומען א קליין פאַרפומירט טיכע־לע, וואָס איז געווען פאַרשטעקט אין זיין מאַנזשעט, און זיך אָפּגעווישט דעם שוויים פונ׳ם פנים...

---

# וואלקין

וואלקינ'ס „הגר" איז אָפּגעגאָסן אין גיפּס און זי איז א צוויי מאָל די גרויס פון א לעבעדיקן מענטשן. אז וואלקין האָט געשפּאָלטן און צעשטערט ס'געטריקענטע ליים נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעגאָסן דעם פורעם, האָט ליזא געהאַט ס'געפיל, אז דאָס צעשטערט מען זי — דאָס צעברעכט מען איר לייב. דאָס זעלבע געפיל האָט ליזא געהאַט אין אָנהויב פון דער אַרבעט ווען וואלקין האָט אויסגעפונען אז זיין אַרמאַטורע האַלט נישט קיין גלייכגעוויכט, און ער האָט מיט א פינגער געמאַכט לעכער אין האַלז און לעבן די אויגן, כדי אריינצושטופּן מער ליים, און יעדעס מאָל ווען ער האָט דאָס געטאָן, האָט ליזא ארויסגעלאָזט א געשריי פון ווייטיק...

וואלקין האָט איצט געראויכערט א קאַלטע ליולקע, ווייל ער האָט זיך געפוילט אויפצוהויבן פון בעט און אָנשטאָפּן טאַבאַק. זיינע אויגן זענען געווען אויף דער סטעליע און אין זיין מח איז געווען געדאַנקעלאַך, גלאַטע און רואיקע, ווי בוימעל. ער האָט געהאַט אויף די אויגן דעם סופיט מיט דעם אַלט־מאָדישן גאַז־היינגלייכטער, מיט די געדרייטע מעשענע רערן, ווי פון א מעשענעם בלאָז־אינסטרומענט. אָבער דאָס אַלצדינג איז געווען גרינג, ווייל סע האָט געמיינט עפּעס אַנדערש. סע האָט געמיינט, „אָ, דו, מיין גאָלדענער טרומפּייט! באַלד וועסטו אויסרופן מיין זיג". אָ, דו שווערע סטעליע — מיר ווייסן אז איבער דיר איז א גרויס־גרויסער הימל און אין הימל גייען אויף שטערן...

וואלקין האָט פּאַמעלאַך אויפגעהויבן א האַנט, אָנגעשטייפט די מוסקולן פון אָרעם, זיך אַ טאָפּ געטאָן אויף דעם אָנגעשפּאַנטן אָרט און געטראַכט „וואָס איז היינט? דינסטיק! ס'איז גוט צו לעבן דינסטיק!

די לופט אין סטודיע איז געווען נישט אַזוי פריש. עס האָט געשמעקט מיט אַלטע ווענט, מיט פינצטערע ווינקלען, מיט ברען-געז, וואָס שפּאַרט ערגעץ ארויס פון א קליינער עפענונג, אָבער ס'איז געווען דער גערוך פון מי, פון אַרבעט, פון ערלאַכער קונסט, און וואלקינ'ס נאָז־לעכער האָבן דאָס געטרונקען ווי ווייַן.

אויף דער סטעליע איז געשטאַנען א וואַנץ, געזוכט הפנים זיך אַראָפּצוואַרפן אַקוראַט אויף וואלקינ'ס בעט (וואלקין האָט אריינגעשטעלט אַלע פיר פיס פונ'ם בעט אין שיסעלאַך וואסער, כדי זיך צו באַוואָרענען פאר דעם אומפליט), זיך געשאַרט צום מיטן־צו, געגאַנגען פּאַוואָלי, פּאַוואָלי, ווי די האָפענונג ביי איינעם, ביי וועמען ס'לעבן רינט אויס דורך אַן אויפגעעפנטן אָדער...

וואלקין איז געווען א גרויסער ליבהאָבער פון דער נאַטור, און פון דער נאַטור'ס קליינע באַשעפענישן און ווידמונגען און פלאַנצן. שעה'ן־לאַנג פלעגט ער (אויפ'ן לאַנד) אָפּזיצן ביי א פּלויט, וואו א האַרבוז האָט זיך אַריבערגעוואָרפן צו דער זון־צו און זיך באַפעסטיקט מיט אַזעלכע קליינע פעדימלאַך וואָס ער האָט ארויסגעלאָזן פון זיך. פאר וואלקינ'ען איז דאָס געווען א גרעסערער אינטערעס ווי לייענען ביכלאַך אָדער גיין אין מוזעאומס. דאָ האָט ער געזען די וואונדער פון א פלאַנץ, וואָס שיצט איר לעבן מיט אַזאַ טיפן שכל, אז די אייגענע מענטשלאַכע חכמה זעט אויס טעמפּ און פריקרע. אַן אַנדערש מאָל פלעגט וואלקין (ווען ער איז געזעסן אויפ'ן דאָרף דורך די זומער־חדשים) זיך אַרומשלעפּן איבער פאַרוואָרפענע ערטער, זיך באַקענען מיט די קליינע פעלד־ און וואַלד־חיה'לאַך, מיט די פויגל, מיט די פליגן, מיט די אַרומבלאָנדזשענדיקע הינט און אפילו מיט די מייז...

וואלקין קוקט ווייט ארום זיך. די שטילקייט זינגט מיט זשומיקייט און מיט קליינע ברעקלאַך ווינט! ווי גוט די

שטילקייט איז דאָ, נישט ווי אין שטאָט. דאָ איז די שטילקייט אַן אַלטע, אָנגעוואָקסן מיט דער אייביקייט׳ס ווייכן מאָך. ער טראַכט: שטימען זענען פֿאַראַן בלויז עטלאַכע, אָבער שטילקייטן זענען פֿאַראַן אַזוי פֿיל. און יעדער שטילקייט איז פֿון אַן אַנדערן מין, פֿון אַן אַנדערער קוואַליטעט. פֿאַראַן שטילקייטן, וואָס שרייען, וואָס רופֿן, וואָס וואָרענען, וואָס בעטן, וואָס געזעגנען זיך... און פֿאַראַן אויך אַזוינע, וואָס זענען ווי א היילונג, ווי א טרייסט, וואָס טראַכטן פֿאַר אייך, האָפֿן פֿאַר אייך, און לאָזן אייך אַליין פֿינקלדיק לייִדיק, ווי א ווייס־גרינלאַכער גלאָזבעכער קעגן דער זון...

וואַלקין האָט ליב געהאַט צו זיצן געמיטלאַך און לאָזן די וועלט פֿאַרבייציִען פֿאַר זיך. און זיין אויג האָט געהאַט א זכרון פֿאַר זיך אַליין — ער האָט אַלצדינג פֿאַרצייכנט און גערעכנט מיט׳ן אויג.

וואַלקין ליגט מיט דער בלעכענער געקעסטעלטער סטעליע אויף זיין בליק. קיינער איז נישטאָ אין שטוב. ליזאַ איז אַוועקגעגאַנגען אַרבעטן אין שאַפּ, צו העלפֿן פֿאַרדינען א שטיקל ברויט (אים האָט זי בשום אופֿן נישט געוואָלט לאָזן גיין אַרבעטן — כאָטש ער האָט זיך געריסן דערצו.) ס׳איז אַרום פֿינף דער זייגער. דורכ׳ן דאַך־פֿענצטער לאָזט זיך אַריין א ביסל קויטיקלאַכע זון. אין דרויסן רעדט זיך צונויף קול מיט קול — און אין טומל פֿאַרשטייט איינער דעם אַנדערן נישט... אַהערצו דערגרייכט עפּעס א שטילקייט, וואָס איז דורכגעזיפּט געוואָרן דורך א צעריסענער זיפּ.

וואַלקין טראַכט פֿון דער מלחמה. טראַכט דריי מאָל: „פֿאַרברענט זאָלן זיי ווערן. פֿאַרברענט זאָלן זיי ווערן. פֿאַרברענט זאָלן זיי ווערן". ער טראַכט פֿון דער גרויסער לאַנגווייל וואָס פֿרעסט אויף דעם מענטשנ׳ס לעבן. אַזוי אַז אפֿילו דער טויט איז א שטיקל צייט־פֿאַרטרייב. ער טראַכט פֿון די ציוויליזירטע „קריגער", וואָס הרג׳ענען מענטשן און עסן אפֿילו נישט אויף זייער פֿלייש. זיי וואָלטן באַדאַרפֿט פֿרעסן זייער פֿלייש — ווי קאַניבאַלן — טראַכט וואַלקין,

וואָלט געווען אַנשטענדיקער. וואָלט באַטש געווען דערביי א שטיקל תכלית, א נוצלאַכקייט — פאַרברענט זאָלן זיי ווערן!

וואַלקינ׳ס אויגן זענען אויף דער וואַנט וואָס מאַטערט זיך נעבאַך צו דערגרייכן איר ציל און ער פורעמט (אין קליי־נע, אָפּגעריסענע שטיקלאַך) געדאַנקען וועגן דעם גרויסן ביבלישן פאַראַדאָקס „דו זאָלסט קיינמאָל און קיינעם נישט הרג׳ענען.. און ווער סע הרג׳עט יאָ — דער זאָל גע׳הרג׳עט ווערן..

וואַלקין טראַכט: די וועלט איז שיין, ס׳איז יוני. אויף די פעלט ווערט צייטיק ס׳ברויט, דער וויין, די אוגערקע. וואונדער בליען אומעטום. אָט האָט ער פאַרענדיקט די ער־שטע העלפט פון זיין גרויס מייסטערווערק. זומער־דינסטיק. שטייען דען די מענטשן אין די גאַסן מיט אויפ־געהויבענע הענט צום הימל און פאַטשן בראַוואָ? ניין, זיי זיצן אינ׳ם טעאַטער, וואו סע שפילט זיך דאָס גרויסע ספּעקטאַקל און זעען בלויז די ווייסע פלעקן הינטער זייערע נעגל. און אז זיי זעען ווי די זון גייט אויף זאָגן זיי נישט „וואָס פאַר א וואונדער" און „בראַוואָ!" נאָר זיי זאָגן: „די זון איז שיין אין דרויסן און די קאַווע איז נאָך נישט פאַרטיק"...

ס׳איז מלחמה.

קין־הבל זענען ווידער די סימבאָלן פון דער וועלט־ברודערשאַפט...

וואַלקין דערמאָנט זיך אָן דעם שטיקל נייעס וואָס ער האָט היינט געלעזן אין א ניו יאָרקער בלאַט. ס׳האָט גע־האַט א גרויסע איבערשריפט „באַרבאַרן", און עס האָט זיך דערציילט וועגן דעם, ווי די הונען זענען ארויפגעקומען אין זייערס א סובמאַרין אינמיטן ים און אָפּגעשטעלט „אונזערס" א שיף און געהייסן די מענטשן זיך ראַטעווען אין שיפלאַך, זיי האָבן א באַפעל צו זינקען די שיף, ווייל זי פירט אַמוניציע. די מענטשן האָבן אזוי געטאָן. דער ים איז גע־

ווען זייער שטורמדיק. די שוואַכע סובמאַרין האָט זיך פונ־
דעסטוועגן געהאַלטן אויפ'ן וואַסער און אַפילו געהאָלפן
האַלטן אָרדנונג און געזען, אַז אַלע מענטשן זאָלן זיך אַרי־
בערקלייבן אין אַן אַנדער שיף אַריין... ווען אַלע האָבן גע־
האַט פאַרלאָזט די אַמעריקאַנישע שיף און אַריבער אין
שונא'ס סובמאַרין, און דער שונא איז געווען גרייט צו פיי־
ערן אויף דער שיף, האָט זיך פלוצים אויפ'ן דעק באַוויזן א
פרוי מיט א קינד אויף די הענט און גענומען שרייען מיט
פאַרצווייפעלטע קולות מ'זאָל זי ראַטעווען. דער ים האָט
געקאָכט ווי א גהינום, אָבער דער „שונא“ האָט פונדעסטוועגן
געהאַלטן פאַר זיין פליכט צו קומען צו הילף דער פרוי מיט'ן
קינד — כאָטש די געפאַר איז געווען זייער גרויס... אָבער
(ענדיקט די צייטונג) דאָ האָבן אונזערע אָפגעטאָן די הונען
אויף טערקיש... די פרוי וואָס האָט געשריגן נאָך הילף איז
נישט געווען קיין פרוי, נאָר א פאַרשטעלטער מאַן, און דאָס
קינד איז געווען נישט קיין קינד, נאָר א באָמבע... און אזוי
גיך ווי די „הונען“ זענען צוגעקומען נאָענט האָבן זיי באַקו־
מען זייער פאַרציע. אין עטלאַכע מינוט אַרום זענען זיי גע־
ווען א טשאַטע דערטרונקענע מייז...

## וואלקין טראַכט און... זוכט די ספּאַגעטי

וואלקין לייגט איבער דעם אינצידענט אין זיין מח און ער שפּייט און זאָגט „פוי“, און דאָס האַרץ איז אים ביטער, נאָר ארויסצושפּייען עס.. ער זעט די פרעסע פון לאַנד, ווי א משוגע'נע כישוף־מאַכערין, וואָס בלאָזט מיט אַ פּאָליע אויפ'ן פייער, וואָס פאַרברענט אירע קינדער.

ס'ווערט טונקעלער אין סטודיא. אויף די ווענט קומען אָן נייע שטילע געסט פון ערגעץ זייער ווייט: ס'קאָצל קומט שאָטנס? פון וואַנעט איז?... און וואָס וועבט און שפּינט דאָרט די משוגע־געוואָרענע וועלט? וואָס איילט זי דאָרט אזוי — די נאַרישע גרויסהאַלטערקע?

די שטילקייט ווערט דינער, דורכגעזיפּטער. די שעפּער האָבן שוין אויסגעשפּיגן דאָס מענטשוואַרג — אין די טור־נעלן אריין, אין די לייקעס אריין... פון דאָרטן צערינט זיך עס איבער אלע שטאָט־גאַסן, איבער אַלע היימן, גיט יעדן זיין טראָפּן גליק, זיין צעברל אומגליק, זיין ים — טויט...

וואלקין טראַכט ברעקלאַכווייז, זיין שווער־באַלאָדענער וואונש הויבט אויף דעם רוקן, ווי א קעמל... גלעקלאַך קלינ־גען... דער קאַראַוואַן רירט זיך — אויפ'ן לאַנד ארויס, אויפ'ן פּאַראַיאָריקן לאַנד ארויס; אויף דער שטיל־פאַרוואָרפענער ערד אין קאָנעקטיקוט, וואו ער האָט זיין זומער אויסגעלעבט, אין זאַפטיקער קאַלטקייט: ווי די פעלדמייז, די טויבן, די שפּערבערס...

וואלקין טראַכט פון יענעם גוטן שטיקל ערד און לאָזט פאַר זיך פאַרבייגיין אַלערליי רגע'ס—שימערדיקע, פלאַטער־דיקע, פיל־פאַרביקע. ער זעט זיך ווידער אויפ'ן סטויג תבואה — א גרויסע זוניקע ליידיקייט פאָראויס. „שעפּ“, דער הונט, ליגט לעבן אים מיט אן ארויסגעטאַלעפּעטער צונג, און מיט

איין אייגל א פאַרמאַכטס, דאָס אַנדערע קוקט אויף דער פליג, וואָס שטייט אים לעבן דער נאָז, און קריכט אַלץ נענטער, צום צעיאַטערטן אָרט אין ווינקל פון דעם זעלבן אויג.

די פליג שטעלט זיך אוועק נישט ווייט פון אויג און עסט זיך איין אין דער מאַטעריע. דער הונט איז כלומר'שט רואיק, ער רירט קוים מיט די אויערן, מיט'ן אויג, מאַכט אויף און מאַכט צו דאָס אויגנדעקל. אָבער—ער וואַרט רויבגעריג אויף דער רגע, ווען ער וועט קענען א מאַך טאָן מיט'ן מויל „האַם" און — זי פאַרשלינגען.

וואַלקין איז אויפ'ן לאַנד — ווייט פון דער אַרבעט, וואָס מאָנט ביי אים זיינע כחות, און שטעלט אים שטענדיק מיט'ן פנים צו זיך אליין... ער איז פריי, ער איז אויסגעטאָן, ער איז גרינג, ער איז נאַקעט...

די וואַנץ שטייט אויף איין אָרט און ווערט ווי א טונקל פלאַך פינטעלע. וואַלקינ'ס זכרון טראָגט א לאַמטערן. זי באַלויכט די סצענע ווי שטשערעס גנב'ענען אן איי פון א קאַטוך אַרויס... ער זעט א גרויסן ראַץ מיט אן אויסגעריבענע פלייצע־פעל און אן עק ווי א קנוט... נישט קיין שפּעטנע קינד... א קעשענע גנב! ער האַלט דאָס איי צווישן די פיסלאַך און ער אליין ליגט זיך איבערגעקערט אויפ'ן רוקן, און חברה שלעפּן אים ביים עק... דער יונג ליגט ווי א טויטער, די גנבה איז אים אין די אויגעלאַך, אָבער ער מאַכט זיך גע'פּגר'ט... ליגט שטיל, ערלאַך, סטאַטעטשנע... די אַרבעט גייט צו לאַנגזאַם. וואַלקין שטייט אין שטאַל, קוקט אַרויס דורך א שפּאַרע פון די צערוקטע ווענט און איז פאַרגאַפט. ער זעט, ווי חברה שלעפּן דעם ראַץ קונציק אַריבער איבער א שטיינערנעם פלויט, ווערן פאַרשוואונדן...

— האָבן מער שכל פון קאַסמער'ן — טראַכט וואַלקין פון עפּעס א קינסטלער מיט'ן נאָמען קאַסמער... — ער גייט אַרום און שטאַרבט פון הונגער און האָט נישט קיין שכל זיך צו לייגן אויף דער פלייצע און זיך לאָזן שלעפּן...

וואַלקין איז מיד געוואָרן פון אַריבערטראַכטן זיך אין די

נישט־נוציקע געוועזענקייטן... אין סטודיע איז שוין געווען טונקל. ער האָט זיך אויפגעהויבן און געמאַכט ליכטיק, אוועק אָננעמען א טאָפּ מיט וואַסער אוועקצושטעלן אויפ׳ן אויווּעלע, ווייל ליזאַ האָט באַלד געדאַרפט אַהיימקומען. ער האָט זיך געפּאָרעט אַרום דעם ברודיקן „סינק"־קראַן אויפ׳ן הינטערשטן שטאָק, ארויסגעדליבעט מיט די הוילע הענט די אָנגעזאַמעלטע שליימקייט אינ׳ם דורכזייער פונ׳ם באַסיין, און הנאה געהאַט דערפון, וואָס ער מיאוס׳ט זיך נישט פון גאָר נישט. ער האָט זיך אָפּגעוואַשן די הענט מיט אַן אַלט שוואַרצלאַך שטיקל זייף, וואָס איז דאָרט געלעגן, זיך אָפּגעווישט מיט זיין טאַשנטיכל און איז איבערהיפּנדיק א טרעפּ איבער א טרעפּ ארויף אויבן...

ער האָט אָנגעצונדן ס׳גאַז־אויווּעלע, געטראַכט, אַז פּייער איז נישט רויט נאָר בלאָ... „א בלאָקייט וואָס איז רויט. א רויטקייט וואָס איז בלאָ". האָט ער עס איבערגעזאָגט אין געדאַנק, צוגעדעקט דאָס וואַסער־טאָפּ מיט א דעקל, געשטאַנעז און צוגעהאַלטן ס׳דעקל, כדי עס זאָל זיך גיכער דערוואַרימען און נעמען זידן... ער האָט געדאַרפט אַריינוואַרפן ספּאַגעטי, אָבער ער האָט ניט געדיינקט וואו ליזאַ האָט באַהאַלטן דאָס פּעקל מיט ספּאַגעטי. האָט ער זיך געדרייט א ווײַלע אַרום זיך אַליין, זיך אונטערגעפּייפט עפּעס א לידל מיט א פאַלשן טאָן, באַקוקט די פאַרזשאַווערטע קלינגלאַך פון דעם גאַל-מעסער, וואָס ער האָט געפונען אויפן בלעך הינטער׳ן גאַז־אויווּעלע, געפּרופּט מיט יעדן באַזונדער זיך אָפּראַזירן א האָר פון גראָבן פינגער, צי זען צי זיי טויגן נאָך צו עפּעס און זיי סוף־כל־סוף אוועקגעלייגט דאָרט וואו ער האָט זיי געפונען. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז זיינער א באַקאַנטער ראַזירט זיך אַלע אינדערפרי, און אַז ער האָט זייער א סך האָר אין די אויערן...

— זע נאָר, ס׳זידט דאָך! — האָט געזאָגט ליזאַ, וואָס איז ערשט אַריינגעקומען. און האָט גלייך געראַטעוועט ס׳טעפּל.

— טאקע, — האָט געזאָגט וואלקין, — וואו האָסטו אהינגעטאָן די ספּאַגעטי, ליזעטשקע? און וויפיל האַלט דער זייגער, ליזעטשקע? איאָ איך זע אוים מיד, ליזעטשקע?
ליזאַ האָט מיט איין האַנט געוואָרפן די ספּאַגעטי אין טאָפּ אריין, מיט דער אַנדערער אים אַרומגענומען און א קוש געטאָן... און געזאָגט „גאָט מיינער! וואָס פאַר א שלעכטע באַלעבאָסטע דו ביזט!" מען האָט געקענט מיינען, אז מיט דעם וואָרט „גאָט" מיינט זי דאָס אים — וואָלקינ'ען.

די וואַנץ איז דערווייל אַראָפּגעפאַלן גלייך אויפ'ן בעט אַרויף. איר ציל איז געווען דערגרייכט. אמת עס האָט גע־קאָסט מי און כח, אָבער ס'איז ווערט געווען. איצט וועט זי ערשט קענען לעבן!

(סוף פון ערשטן בוך)

# ג ר י י ז ן

אין דער „ווידמונג“ דארף זיין: „לעיקוואוד“ (אנשטאָט „לעיקאוד“).

אויף זייט 7 איז איבערגעקערט א שורה.

אויף זייט 11 דארף זיין: „וואָס איז ווי א פאלשע וואַזאָנקע“ (אנשטאָט „וואָס איז געווען ווי א פאלשע“. עטצ.)

אויף זייט 19 איז דער פערטער פאראגראף צעדרייט. עס דארף זיין:

„דער זיידע איז א מזג־טוב. ברענגט אהיים די אייניקלאך אלערליי שפּילעכלאך. אויך קרייטיכער אזוינע וואָס האָבן אין־זיך אזוינע פלאנץ־פעדימלאך וואָס גרייזלען זיך און וואָס אז מען שטעלט זיי אריין אין א ברעטל מיט די אויפשריפטן „שיין“, „מיאוס“, „ווארעם“, „קאלט“ — זייגען זיי ווי א ווייזערל וואָס ווייזט אָן וואָסער וועטער מאָרגן וועט זיין“.

אויף זייט 82 דארף זיין „דער אָנגלי“ (אנשטאָט די אָנגלי“).

אויף זייט 109 דארף זיין „זיך פארקוקט אויפ׳ן פענצטער, וואו א שמעטערלינג האָט זיך אויפגעפליגלט“ (אשטאָט: „וואָס א שמעטערלינג האָט זיך אויפגעפליגלט“.

אויף זייט 170 דארף זיין: דער בעדער „געליימט זאָל ער ווערן!“ (אנשטאָט: דער בעדער „געלוימט זאָל ער ווערן“).

אויף זייט 172 דארף זיין: „ווינטלאך לויפן ארום און זאגן“ (אנשטאָט: ווינטלאך לויפן ארום און זאָגט“).

אויף זייט 187 דארף זיין: „שווארצע פיגורלעך איבערגעצויגן מיט צעריסענעם שטאָף“ (אנשטאָט „איבערצויגן“ מיט צעריסענעם שטאָף).

אויף זייט 189 דארף זיין: „ווען חאָט צו זיי אראָפּגענידערט פון דער הויכקייט“. (אנשטאט: ווען מ׳האט צו זיין אראָפּנידערט פון דער הויכקייט“).

אויף זייט 191 דארף זיין צום סוף: „האָט עס אויפגע־לויכטן, געשמייכעלט, און געדאנקט". (אנשטאָט: האָט ער אויפ־געלויכטן").

אויף זייט 204 דארף די לעצטע שורה זיין: „און מיין הארץ וויינט עפּעס און זינגט" (אנשטאָט „אין מיין הארץ וויינט עפּעס און זינגט").

אויף זייט 228 דארף זיין: „א דיגניפיצירטער, שיינער מאן מיט שטילע מאַניערן". (אנשטאָט: „מיט שטילע מאַניער").